


# באנגעלא נומער 25



יאָסל קאָטליער טעאַטער אין קעמפּ קינדערלאַנד

צייכענונגען
פון
דאָוועד בעקער
מיכל ציפּאָרין
ל. טאָרטש
און
פאָטאָגראַפיעס
פון
קעמפּ
קינדערלאַנד

# אַלע שריפטן

פון

שלוימע דאַווידמאַן

•

ערשטער באַנד

## העלדן פון אונדזער צייט

דערציילונגען

•

צווייטער באַנד

## באַנגעלאָ נומער 25

בילדער

## דערקלערונג.



די סעריע „באַנגעלאָ נומער 25" איז געוועזן געדרוקט אין „פונק", אָפיציעלער אָרגאַן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, ניו־יאָרק, 1931, אונטער דער רעדאַקציע פון קאַלמען מאַרמער.

# 1. טאַקע וועגן דעם און נאָך עפּעס.

קינדער, איך וויל אייך דערציילן פון פופצן אינג-
לעך אין קעמפּ „קינדערלאַנד." איר האָט מיסטאָמע
אַלע געהערט פון דעם קעמפּ. ער איז זייער אַ גרויסער
און אַ שיינער. טאַקע ניט ווייט פון ניו יאָרק. אינגאַנצן
עטלעכע שטונדן צו פאָרן. און אַ טייך איז דאָרטן דאָ
— אַ שפּיגל. שוין אַ זיבן יאָר אַוואַדע זינט ער האָט
זיך געעפנט. און אַלע יאָר קומען אַהין מער קינדער.
היינטיקס יאָר, זומער 1931, זיינען געווען מער ווי
טויזנט קינדער. אייניקע קומען אַרויס אויף צוויי וואָכן,
אַנדערע—אויף פיר און עס זיינען דאָ אַפילע אַזעלכע,
וואָס קומען אויף גאַנצע צען וואָכן.




דער שרייבער פון בוך, אַלס
קאנסעלער, מיט צען אינגלעך,
מיט זייערע וואַנט־צייטונגען.

נו, איר ווייסט דאָך, אַ קעמפּ ווי אַלע קעמפּס, מיט „באַנגעלעך, מיט אַ ספּאָרט-פעלד, אַ טעאַטער, און עס-צימער און וואַש-צימערן. בוימער און גראָזן — זייער אַ סאַך. בערגלעך און שטיינער און וועגן און סטעזשקעס—אָן אַ שיר, און זשאַבעס און שלענגלעך און פויגעלעך און פליגעלעך און פישעלעך.. נאָר צו וואָס זאָל איך אייך שוין אַלעס אויסזאָגן, אויב איר וועט לייענען ווייטער, וועט איר זיך שוין באַקענען מיטן גאַנצן לעבן פון קעמפּ.

קינדער, אָבער איין זאַך וויל איך איר זאָלט שוין וויסן: איך האָב זיך דערטראַכט אָנצושרייבן דאָס, וואָס איך דערצייל אייך, נאָכדעם ווי איך האָב איבער־געלייענט „קינדערהויז נומער 40״ פון פייוול סיטאַ. וואָס, איר ווייסט ניט ווער פייוול סיטאַ איז? — שעמט זיך. פייוול איז געווען אַ סאָוועטיש אינגל, וואָס האָט ערגעץ פאַרלוירן זיין טאַטן און זיין מאַמען אין צייט פון דער גרויסער רעוואָלוציע אין סאָוועטן-פאַרבאַנד. ער האָט זיך געוואַלגערט אין די גאַסן אַן אָפּגעריסע־נער, אַן אָפּגעשליסענער און געהונגערט, געלעבט ווי אַ טרעמפּ. האָט די סאָוועטישע רעגירונג איינגע־פירט קינדערהייזער פאַר אַזעלכע יעסוימים, און פייוול האָט זיך אין אַזאַ הויז דערצויגן און געוואָרן אַ

שרייבער, און אין זיין ביכל, „קינדערהויז נומער 40” דערציילט ער ווי אַזוי קינדער האָבן דאָרטן געלעבט. ער שרייבט זייער שיין, איר מעגט עס שוין לייענען.

און דערפאַר טאַקע, וואָס דער געדאַנק אָנצו-שרייבן „באָנגעלאָ נומער 25” איז מיר אַרויפגעקומען נאָכדעם, ווי איך האָב איבערגעלייענט זיין ביכל, ווידמע איך אים מיינס.

איז כאַווער פּייוול, אויב דו ווילסט עס, און עס וועלן דיר געפעלן מיינע באַשרייבונגען, נעם עס צו פאַר אַ מאַטאָנע.



## 2. מאַרי.

פאַרוואָס איך הייב אָן מיט מאַרין, איז פּאָשעט דערפאַר, ווייל ער איז געווען דער פירער פון דער גענג. זייער אַ שלעכטער פירער; נאָך ערגער פון אַ בייזן קעניג און נאָך גאַזלאָנישער פון אַן עלטסטן פון באַנדיטן.

און איר זאָלט אַ קוק טאָן אויף אים, קען מען שטאַרבן. דאַר ווי אַ וואַנדיק, אַ שטעקן — נאָר צום איבערברעכן. דרייט זיך און בויגט זיך און קריכט, ווי אַ שלאַנג. ווען ער קומט אַרויף פון טייך, גיט ער אַ שמיץ זיין באַד-קאָסטיום לעבן דער באַנגעלאָ, ער וועט עס קיינמאָל ניט אויפהעבן אויפן שטריק (אַ קעניג טוט ניט אַזעלכע זאַכן) און ווייזט קונצן מיט

זיין קערפּערל. ער גיט אַ זופּ אַריין אַביסל לופט, ווערט באַ אים אויס בויך, אויס האַרץ און אויס פּופּיק, נאָר בלויז ביינדלעך — אַ סקעלעט. אַ גיט, גיט ער אייך אַ באַהאַלט די אויגן. די נאָז ווערט באַ אים לאַנג ווי אַ שטענגל כריין — מיינט איר אַוואַדע, אַז ס'איז אַ סטאַטוע וואָס אימיצער האָט אַוועקגעשטעלט.

און כעוורע לאַכט, אַז מען פאַרקייכט זיך אַזש. ר ע ד ווערט רויט ווי אַ בוריק, אַז ער הייבט אַזש אָן צו הירזשען ווי אַן אָקס. (ווענן רעדן וועלן מיר אייך שפּעטער דערציילן) און פּיווי האַלט מיט די הענט זיינע פיס און קייקלט זיך אין בעט, ווי אַ פעסעלע (מיר וועלן אייך מיט אים אויך באַקענען.)

ווען איך פלעג אַריינקומען אינמיטן אַזאַ פאָרשטעלונג, איז באַלד געוואָרן שטיל. מען האָט זיך געכאַפּט אָנטאָן די קליידער און מאָרי האָט געמאַכט אַ ראַכמאָנעס פּאָנעם.

— וואָס איז, מיר טאָרן ניט האָבן קיין „פאָן", מיר טאָרן ניט זיין פריילעך? — האָב איך זיך געמוזט אַוועקדרייען, אַז ניט וואָלט איך זיך אויך צעלאַכט. נאָר דאָס איז נאָך צו דערליידן. ווי איז אָבער, אַז מאָרי וויל זיך קיינמאָל ניט גיין וואַשן די הענט, וויל קיינמאָל ניט אויפשטיין און וויל זיך קיינמאָל ניט לייגן

שלאָפן. ער וויל ניט, און דאָס אַלעס, גיי טו אים עפּעס, און אַז מאַרי וויל ניט, וויל קיינער ניט, דאַרף מען שרייען, דאַרף מען זיך קריגן און האַלטן לעקציעס.

יעדן טאָג דערמאָן איך מאַרין, אַז זיין מאַמע אַרבעט שווער אין שאַפּ אין ניו יאָרק, און אַז זי לייגט אַוועק די קויכעס, אַבי ער זאָל האָבן פאַרגעניגן און זיין געזונט און שטאַרק.

—דאַרף מען זיך וואַשן די ציין, מאַרי, צי מען דאַרף זיך ניט וואַשן? — איך היים דען דיר וואַשן מ י י נ ע ציין, איך היים דיר דאָך וואַשן ד י י נ ע ציין?!

לאָזט ער אַראָפּ די נאָז, נעמט דעם האַנטעך, זייף, ציין־בערשטעלע, ציין־פּוידער און גייט נעבעך אין וואַש-צימער.

און אַז מאַרי גייט זיך וואַשן, גייען שוין אַלע.



# 3. רעד

איך פאַרשטייט מיסטאָמע פאַרוואָס מיר רופן
אים ר ע ד. ער האָט רויטע האָר און שפּרינקעלעך
איבערן פּאָנים. ער איז שוין גאָר אַן אַנדער מין
מענטש, ניט ווי מאָרי. ער איז געזונט און פעסט,
כאָטש קלאַפּ אין אים טשוועקעס. ווען ער איז אָנ-
געקומען אין קעמפּ, האָט ער געהאַט אַ פּאָר צע-
שראָקענע אויגן, ווי אַ קעלבל. ער איז נאָך קיינמאָל
ניט געווען אין קיין קעמפּ צווישן קינדער, מיטאַמאָל
האָט ער דערזען, אַז ס'איז גאָרניט מיט גאָרנישט.
פונקט אַזעלכע קינדער ווי ער. אויב אַזוי, האָט ער
געוויזן וואָס ער קאָן: דער בעסטער שווימער, דער
בעסטער שיפער, דער בעסטער באָל-שפּילער, נאָר



כאַווער לענין לייענט דעם „עמעס."

ווער לענין איז, ווייסט ער ניט. אַהאַ, געפּאַקט, רעד ווייסט ניט ווער לענין איז.

און כאָטש מאַרי מוז לערנען אין אַ טאַלמע־טוירע, ווייל קיין טאַטן האָט ער ניט, און ער איז שטענדיק בײַ דער באָבען, און די באָבע וויל נאָר ער זאָל לערנען — בע־בע־בע, דאַווענען, מיינט מאַרי, און ווען ער דערציילט דאָס, קערט ער איבער די אויגן אויף דער לינקער זייט און צעשאָקלט זיך, ווי אַ רעליגיעזער איד, פונדעסטוועגן ווייסט ער, ווער לענין איז.

וואָס, קינדער, איר ווייסט ניט, וואָס הייסט דאַ־ווענען? — עס זיינען דאָ אידן, וואָס גלויבן, אַז אויפן הימל זיצט אַ גאָט און ער פירט אָן מיט דער וועלט. בעט מען בײַ אים. מען שאָקלט זיך: „גאָט, זיי גוט, גאָט זיי גוט צו אונדז!" און זיי מיינען טאַקע, אַזעלכע נאַראָנים, אַז ער העלפט.אָבער מיר ווייסן שוין, אַז קיין גאָט איז אויפן הימל ניטאָ. מיר דאַרפן נאָר אַ־ראָפּוואַרפן די שלעכטע מענטשן, די קאַפּיטאַליסטן, וואָס הערשן איצטער און איינפירן אַזאַ לעבן, ווי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד.

זיצט ער, ר ע ד , און הערט זיך צו צו די נייע רייד און קראַצט זיך אין זיין רויטן קאָפּ. הייסן הייסט ער דזשאָרדזש, יאָסל, און אַז ער לייגט זיך שלאָפן, גיט ער אַזאַ געניץ, אַז ער וועקט אויף דעם גאַנצן קעמפּ. און וויפל מאָל איך האָב אים שוין געזאָגט:

„רעד, עס איז זייער ניט שיין אַזוי צו געניצן. אַן אָקס, אַ פערד געניצט אַזוי. מען לייגט צו די האַנט צום מויל און קיינער וועט ניט הערן."

„אָל־רייט, איך וועל אַזוי טאָן." און באַלד טאַקע גיט ער אַזאַ געניץ, אַז איך מוז זיך פאַרשטעלן די אויערן.

איך האָב געטראַכט, אַז ער איז שוין אַ פאַרפאַ־לענער מענטש, לאָזט זיך גאָר אויס, אַז ער האָט זיך דער ערשטער אויסגעלערנט שפּילן אין שאַך און האַלט דאָס פּיאַנערן־טיכל אויפן האַלדז זייער הייליק, ס'איז אים וואַרעם, זאָגט ער, מיטן טיכל.

## 4. פּיוווי

פּ י ו ו י איז פּונקט אַזוי גרויס ווי מאָטל, (כאָפּט ניט — וואָרט מיט מאָטלען). פונדעסטוועגן איז מאָטל, געבליבן מאָטל, און דזשוליסן, דאָס איז זיין ריכטי־קער נאָמען — יעהודע מיינט עס — האָט מען אַ נאָ־מען געגעבן פּיווי, אַ קליינס ווי אַ וויזעלע, אַ וועווע־ריקל מיט ווייסע האָר. אַלע האָבן אויף אים גרויס ראַכמאָנעס. גיט איר אים אַ ריר אָן — צעוויינט ער זיך, גיי מאַך מיט אים עפּעס, און ער איז פּונקט אַלט צען יאָר, ווי אַלע פּופּצן אינגלעך, נאָר מען זעט זיי אויף אים ניט אָן.

גלייך אויפן צווייטן אינדערפרי, ווי ער איז אָנ־געקומען אין קעמפּ, האָט ער זיך מיר עפּעס אַרומ־

געדרייט ווי אַ פאַרכאַלעמטער. ער האָט שוין דריי מאָל געעפנט זיין מויל און וויל מיר עפּעס זאָגן, צי ער וויל מיך עפּעס פרעגן און פאַרמאַכט עס צוריק.

„נו, זאָג שוין, דזשוליוס, (דעמאָלט האָט מען אים נאָך ניט גערופן פיווי), וואָס האָסטו פאַרלוירן?”—פרעג איך אים.

„מיסטער כאַווער, (ער האָט געמיינט, אַז מיין נאָמען איז כאַווער) — מאַכט ער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — מיסטער כאַווער, איך האָב פאַרגעסן מיטצוברייני-גען מיין היטל פון דער היים, ווי אַזוי זשע וועל איך דאַווענען יעדן טאָג?”

„מע דאַרף ניט דאַווענען”, — זאָג איך אים.

„מען דאַרף ניט? — יעי גוט”, — האָט ער זיך דערפרייט, און איז אַרויסגעלאָפן אָנזאָגן די איבע-ריקע יאַטן זיין גרויסע סימכע.

און טאַקע אַפדערנאַכט, איידער מען איז גע-גאַנגען שלאָפן, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ מיטינג און גערעדט וועגן גאָט, וועגן רעליגיע און וועגן לענינען. דעמאָלט האָבן מיר אים אַ נאָמען געגעבן פיווי. ער

האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן, ווי אַן אייזל און זיך צוגעהערט. אַלע האָבן גערעדט: מאָטל און דזשערי און אויל און באָגס און סטענלי. נאָכדעם האָב איך פּיווין אויך דערקלערט, אַז רעלי־גיע האָט מען איסגעטראַכט פּאַר נאַרישע מענטשן, אַז קיין גאָט איז נישטאָ, און אַז די באָסעס ווילן אומיסטן, אַז די אַרבעטער זאָלן גלויבן אין אַ גאָט אויפן הימל, זיי זאָלן ניט זען וואָס עס טוט זיך מיט זיי אויף דער ערד. דערפאַר אַרבעטן די אַרבעטער שווער און זיינען אָרעם, און די קאַפּיטאַליסטן אַר־בעטן גאָרניט און זיינען רייך.

פּיווי האָט אונדז אַלע געקוקט אין די אויגן. ער האָט ניט אַלץ פאַרשטאַנען וואָס מיר רעדן, אָבער, אַז אַלע זאָגן, אַז ס'איז ניטאָ קיין גאָט, האָט ער זיך גוט צוגעדעקט מיט דער קאָלדרע אַזש ביז איבערן קאָפּ און איינגעשלאָפן.



# 5. מאָטל

מאָטעלע, זעט איר, איז אַ פּייאיק ,אינגל. וואָס איר ווילט, קען ער. נאָר ער איז פוילן ווי אַ קאַץ. ער וועט אייך אָנהויבן אַן אַרבעט, אַרבעטן, אַרבעטן און אָט איז ער שוין פאַרטיק, פּוץ-פּוץ און אַלץ צע-שטערט, צעוואָרפן. ער האָט אַן אַלטל, אַ פיין שטי-מעלע, קען אייך אויסזינגען אַלע לידער, נאָר אין כאָר וויל ער ניט זינגען. וואָס וועט ער זינגען אין כאָר, וואָס? — ער וועט בעסער זיך שפּילן מיטן קעצעלע.

„מאָטל, זע, דיין העמדל איז אַזוי שמוציק, פאַר-וואָס טוסטו ניט איבער קיין ריינס און דאָס גיב אי-בערוואַשן?" — זאָג איך אים.

„איך האָב ניט, כ'לעבן איך האָב ניט — בעט

ער זיך בײַ מיר — מײַנע עלטערן זײַנען ניט קיין קאַפּיטאַליסטן, זיי קענען מיר ניט קויפן קיין סאַך זאַכן."

טראַכט איך זיך, וואָס קען מען העלפן, אַז ער איז אָרעם. איך וועל שפּעטער רופן אַ מיטינג און בעטן די אַנדערע אינגלעך מען זאָל אים אויסלייען אַ העמדל ביז ער וועט עס איבערוואַשן.

דערזען אים אַזאַ שמוציקן, אויפן האַלדז ליגט עפּשער אַ פוד מיט שטויב, ווערט אַזש ניט גוט. איך פאַרשעם זיך. וואָס פאַר אַן אויפפּאַסער אויף קינדער בין איך, אַז מאָטל קען בײַ מיר אַרומגיין אַזוי שמוציק, אַז מאָטל האָט ניט קיין העמדל. און אַז איך עפן זײַן קאַסטן מיט זאַכן, געפין איך אין אַ ווינקעלע אַ פּעקל מיט אַכט העמדלעך.

מאָטעלע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן און איך האָב זיך ווידער פאַרשעמט. און עס נעמט זיך אַלץ דערפון, וואָס מאָטל איז זייער פויל, אָבער אַז ער וויל שטעלט ער זיך אַוועק און גיט אייך אַ מאָל אָפּ דעם גאַנצן סאָוועטן פאַרבאַנד און לענין שוועבט אין דער לופטן און ווײַזט מיטן פינגער אַהין, אַהין און ער שרײַבט אונטער: „פּינף יאָר פּלאַן."

איז זינגען קען ער. מאָלן קען ער און האָט זייער ליב זשאַבקעלעך, פֿליגעלעך. מאַכט זיך, אַז אַ פֿויגעלע כאַפּט זיך צו אונדז אַריין, עס איז מיסטאָמע געפֿלויגן זוכן עפּעס עסן און אַריין צו אונדז, האָט מאָטל פֿאַרמאַכט ביידע טירן און עס אַזוי לאַנג גענאַרט מיט ברעקלעך ברויט, ביז ער האָט עס געכאַפּט.

„מאָטל האָט געכאַפּט אַ פֿויגעלע, אַ פֿויגעלע!"
— איז געוואָרן אַ גרויסער ליאַרם. אַלע פּופּצן אינגלעך זיינען זיך צעגויפּגעפֿלויגן און וואָס מאָטל האָט באַפֿוילן האָט מען געטאָן. דריי אינגלעך זיינען אַוועק קלעטערן אויף די בוימער און אויסזוכן אַ נעסט, פֿיר אינגלעך האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום סילוויען לייקן זוכן קליינע שלענגלעך און די איבעריקע מיט מאָטלען האָבן עס געגלעט איבער די פֿלייצעלעך.

איז גראַדע געווען די נאַכט זייער אַ קאַלטע. יעדן אינגל האָב איך צוגעדעקט מיט צוויי קאָלדרעס און אין פֿויגעלע האָב איך גאָר אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז מאָטל האָט דערזען זיין פֿויגעלע אַ דערפֿרוירענעם אינדערפֿרי, די פֿיסלעך אַרויסגעשטעקט פֿון נעסטל און דאָס שנאָבעלע פֿאַרגראָבן, האָט ער זיך שטאַרק

צעוויינט. די קינדער רעדן צו אים, ער זאָל ניט זיין קיין נאַר און ער בליפּעט.

גיב איך אים אַ זאָג:

„מאָטל, מיר, פּיאָנערן, אַרבעטער - קינדער, וויינען ניט. מיר פירן אַ קאַמף, און ווען מיר וועלן איינפירן אַ וועלט, ווען אַלע וועלן זיין פריי, אַ סאָוועטן-וועלט, וועלן מיר מאַכן פאַר אַלע פויגעלעך וואַרעמע שטיבעלעך און זיי וועלן לעבן וויפל זיי וועלן נאָר אַליין וועלן."

האָט זיך מאָטל צעשמייכלט. ער האָט אַ זשמורע געטאָן מיט זיינע שוואַרצע אייגעלעך און אָנגעהויבן גראָבן אַ גריבל. בעוורע האָט געהאָלפן. מען האָט דאָס פויגעלע באַגראָבן. מאָטל האָט אויפגעשטעלט אַ הילצערן מאַצייווע און אָנגעשריבן:

„אַ יונג פויגעלע איז געפלויגן און געפלויגן און פאַרפרוירן געוואָרן.

מאָטל."

און אויב איר וועט אַמאָל זיין אין קעמפּ קינדערלאַנד, זאָלט איר טאַקע אומיסטן אַ קוק טאָן לעבן באַנגעלאָ נומער 25.

# 6. לעני

לעני האָט באַ אונדז אַ גוט לעבן. ער איז אַביסל שטום און טויב. אַלע קינדער האָבן זיך צוליב אים געמוזט אויסלערנען רעדן אַף שטום - לאָשן. מע מאַכט מיט די הענט און מע רעדט אַרויס דאָס וואָרט שווער און אָפּגעהאַקט.

„וואַ—טם—הענ—שלאָ—טם", מיינט עס, מע דאַרף זיך גיין וואַשן די הענט און גיין לייגן שלאָפֿן. ער איז דער איינציקער, דאַפֿקע ער, וואָס הייבט ער אָן אַן אַרבעט, וועט ער קרעכצן און יאָכצן (וואָס ער קרעכצט ווייסט מען ניט) ביז ער וועט זי ענדיקן. אַזוי האָט ער זיך געמאַכט אַ קעסטעלע פֿאַר געצייג. ער האָט זיך זיין העמערל, זיין זעגעלע, אַ סטאָליער אויף

אַן עמעס. און אַט האָט ער געמאַכט אַ פויגל-שטי-בעלע און אַ שאַפּקעלע אויף ביכער, און מאָלן קען ער נאָך בעסער פון מאָטלען.

אינמיטן דרינען גיט ער אַ לייג אַוועק דעם צווייטן פינגער פון זיין רעכטער האַנט אויף זיין בערדל און פאַרטיק. ער גראָבט די ערד שנעל, שנעל, די שטיינדלעך לייגט ער אַרום, אַ גערטנדל מאַכט ער זיך. די קינדער קוקן אויף אים ווי ער אַרבעט, ביז וואַנען זיי העלפן אים אַרויס. מער פון אַלע העלפט אים מאָטל. צווישן זיי ביידע איז געוואָרן אַן עמעסע ליבע, ווי צווישן צוויי ברידער.

זיין בעט מאַכט ער זייער ריין און שיין, זיינע זאַכן צונויפגעלייגט, אָבער ניט אַלץ פאַרשטייט ער וואָס איך רעד. דערקלערן אים שוין די קינדער מיינע רייד אויף שטום-לאָשן.

איינמאָל האָט ער געמאַכט אַ סוקע. געפּאַקט ערגעץ פיר דרענגלעך, אַריינגעשטעקט אין דער ערד, איבערגעקלאַפּט מיט עטלעכע ברעטער, אַרויפגעלייגט צווייגן מיט גרינע בלעטער און פאַר-טיק אַ סוקע — אַ גאָרטן-שטיבל. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז ווען עס וועט רעגענען וועלן מיר קענען דאָרטן אַרבעטן. נאָר שפּעטער מיט אַ וואָך

צייט האָט ער עס אַליין צעוואָרפֿן, ערשטנס, דער-פֿאַר, וואָס די בלעטער זיינען פֿאַרוועלקט געוואָרן, און ער האָט געמיינט, אַז זיי וועלן שטענדיק זיין גרין, און צווייטנס, וואָס איך האָב אַוועקגעוואָרפֿן זיין טינט-דערפֿינדונג.

פֿאַרוואָס איך האָב עס אַוועקגעוואָרפֿן, איז אַ גאַנצע מייסע:

אַלע אינדערפֿרי, גלייך נאָך פֿרישטיק, מאַכן מיר די בעטן. מען קערט און מען וואַשט אויס די באָנגעלאָ. דערנאָך אַרבעטן מיר, שפּילן מיר, באָדן, שיפֿלען, שווימען און וואָס איר ווילט אַליין. איז אַמאָל ווערט פֿויל מאָרי און אַמאָל רעד און אַמאָל ביידע צוזאַמען. איך בין דערווייל ערגעץ אַוועקגעגאַנגען. שטעלט מען אויס אַ שאַך אויפֿן בעט און מען שפּילט. ס'פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿון בעט ווערט אַ קופּע וואַ-רעניקעס, צעקנייטשט, פֿאַרשמוציקט און אַז מאָרי און רעד ווערן פֿויל, ווערן שוין אַלע איבעריקע דריי-צען אינגלעך פֿויל. דער וואַרפֿט זיך מיט אַ קישעלע, דער ברענגט אַריין שטיינדלעך און עס ווערט דער עמעסער שמוץ אין באָנגעלאָ.

איז נאָך גוט, אַז איך קום אָן אין צייט, מאַך איך

אָן אַ גרויס גוואַלד: „זעט נאָר, וואָס עס טוט זיך שמוץ; איר וועט דאָך קראַנק ווערן, אַרויס, — שוין אַרויס." כעוורע פליט אַרויס פון באַנגעלאָ. איך גלעט צו די בעטן, קער אויס און דערנאָך האַלט איך פאַר זיי אַ לעקציע: „פאַרוואָס זאָלט איר ניט פאַרשטיין? — עס איז דאָך פאַר אייער געזונט, איר שלאָפט דאָך אין די בעטן." האָט מען מיך אויסגעהערט מיט איין אויער און מע פליט שוין כאַפּן דעם באָל.

איז פונקט אויפן צווייטן טאָג, דערזע איך לעבן באַנגעלאָ אַן עמער פול מיט צעשניטענע גריבעס אויסגעמישט מיט וואַסער, אַביסל איז שוין צעשאָטן אויף די טרעפּ און באַם אַריינגאַנג. ווער איך מיס-טאָמע בייז און כאַפּ דעם עמער און שמייץ — אַ-וועקגעשאָסן צווישן די ווילדע גראָזן.

אַז לעני איז געקומען צוריק און דערזען, אַז דער עמער איז ליידיק, איז ער געוואָרן אַ טויטער: „מי—מאַב—טינ—ט." און ער וויל זיך אַזש צעווייגען. אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען אויף מיר ברויגעס. איך האָב אים אויסגעגאָסן זיין טינט-דערפינדונג. עס האָט מיר זייער ווי געטאָן. נאָר סע איז שוין געווען שפּעט.

# 7. סאַל - זאַלמען

געזאָגט האָט ער, אַז מע קען אים רופן ווי מע וויל. סאַל, אָדער זאַלמען. האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מיר וועלן אים רופן ביידע מיטאַמאָל, וועט זיין שטאַרקער.

„סאַל-זאַלמען, האָסט שוין געמאַכט דיין בעט?" ער מוז זיין דער לעצטער אין יעדער זאַך. אַפילע נאָך מאָרין. און דאָס איז ניט דערפאַר, וואָס ער איז פויל, ווי מאָטל; ניין. נאָר ער איז אַ צעטראָגענער. איר ווייסט קיינמאָל ניט, צי ער הערט וואָס איר רעדט צו אים, צי ניט.

„דאָרטן, באַ אים אין קעפּעלע איז דאָ אַזאַ שרייפעלע, אַזוי זאָגט דזשערי. (און דזשערי איז זייער אַ

געלערנטער מענטש; נאָר קיין קאַשע אין זופּ, עסט ער ניט), וואָס איז ניט גוט פאַרשרויפט, הערט ער ניט וואָס מע רעדט. נאָר אַז מע דערלאַנגט אים אַ פּלעצל איבער דעם ווייכן פלייש—וועט ער באַלד דערהערן: „סאל-זאַלמען, האָסט זיך שוין געוואַשן?"

„באַלד!" — דאָס ענטפערט ער פון געוואוינ-הייט. פון וואַנען וויים איך? אָט וועט איר הערן. איך האָב געבראַכט „קענדי" פאַר אַלע אינגלעך. יעדן האָב איך שוין אויסגעטיילט און איך האַלט זיך מיטן שטיקל שאָקאָלאַד: „נו, סאַל-זאַלמען, דו ווילסט ניט קיין זיסע זאַכן, דו?" (ווייל ער איז אויך אַ גרויסער נאַ-שער).

„באַלד" — מאַכט ער. אַז ניט האָט ער דען געהערט וואָס איך האָב געזאָגט?

פאַרנאַכט איז דאָס געווען, גיט ער מיך אַ פרעג: „כאַווער, היינט איז דער 11טער יולי?"

„יאָ" — קוק איך אַף אים מיט נייגעריקייט.

מיטאַמאָל לאָזן זיך אַראָפּ טרערן פון זיינע אויגן.

„וואָס איז דאָס, זאַלמען? — פּיאָנערן ווייגען ניט!"

„פּונקט פאַראַיאָרן איז געשטאָרבן מיין מאַמע. זי איז געווען אַזאַ גוטע. זי האָט געאַרבעט שווער

אין שאַפּ, איז זי קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן!"
— האָט ער דערציילט מיט אַ וויינענדיקן קאָל.

די אינגלעך האָבן זיך שטיל אַרומגעזועצט. איך האָב אים געגלעט: „מע דאַרף ניט וויינען. איך האָב אויך ניט קיין מאַמע, מאָרי האָט ניט קיין טאַטן. אָבער פון אונדזער וויינען וועלן זיי לעבעדיק ניט ווערן. מיר דאַרפן אויסוואַקסן געזונטע און שטאַרקע קעמפער, רעוואָלוציאָנערן. וועלן מיר איינפירן אַזוי דאָס לעבן, אַז קיינער וועט ניט שטאַרבן פון אַרבעטן אין שאַפּ!"

האָבן אים די קינדער געגעבן פאַרשידע-נע זאַכן. אים געטרייסט און מער האָט ער שוין ניט געוויינט. נאָר די קינדער גיבן אים נאָך, וואָס ער וויל. זיי האָבן מוירע, טאָמער וועט ער זיך צעוויינען.

יאָ, ער לערנט זיך אין אַן אַרבעטער קינדער שול, ער איז אַ פּיאָנער. און בײַנאַכט ווען אַלע ליגן שוין אין די בעטן, דערציילט ער מייסעס. עס קען נאָך אַמאָל זיין, אַז ער זאָל אויסוואַקסן אַ שרייבער אויך.

וואָס סע קען זיך טרעפן.

# 8. דזשערי

דזשערי איז פאַרקירצט פון דזשעראַם. ער הייסט אויך יאָסעף. אַ געזונטער יאַט. מיר האָבן אים אויסגעקליבן פאַר ספּאָרט-דירעקטאָר: ער גיט אַ קוק אַף אייך, וועט ער אייך באַלד זאָגן, צי איר קענט שפּילן אין באָל, צי איר זיינט אַ קריכער. ווי באַלד מען קען ניט שפּילן אין באָל, איז מען אַ קריכער. אָבער אויסער שפּילן, וועט ער אייך גאָרניט טאָן. איר קענט מיט אים רעדן פון היינט ביז מאָרגן. „דזשערי. דו האָסט דאָך אַליין אָנגענומען אויסמאָלן אַ סערפּ און האַמער, אַף דער רויטער פאָן?"

„האָ, כאַווער, איך דאַרף ענדיקן דאָס קאַפּיטל."

ער ליגט זיך אַפן בעט, ווי אַ קאַץ און לייענט.

וואָלט ער כאָטש געלייענט גוטע ביכער, פון אַרבע־טער לעבן, פון סאָוועטן פאַרבאַנד, וואָלט מיך ניט געאַרט. לייענט ער אָבער פּוסטע מייסעס. דערציי־לונגען פון דעטעקטיוום און אַלטע פּרינצן. און ער איז דאַפּקע אַ פּיאָנער און לערנט אין אַן אַרבעטער קינדער שול. נאָר איינס צום אַנדערן קער זיך בּאַ אים ניט אָן.

„נו, דזשערי, דער צווייטער גלאָק האָט דאָך שוין געקלונגען. די לעמפּלעך אין די באַנגעלעך זיי־נען שוין אויסגעלאָשן, וואָס לייגסטו זיך ניט אַוועק?" בעט איך זיך בּאַ אים, ווי בּאַ אַ גאַזלען.

„האָ, איך דאַרף ענדיקן דאָס קאַפּיטל!"

אַז ער וואַקסט אַ גרויסער וויסנשאַפטסמאַן, איז וואָס זשע קען איך טאָן? ער האָט זייער ליב צו שמייכלען. און אַז ער צעלאַכט זיך, האָט ער אַ פּאָ־נעם, ווי אַ מיידל. אַ שיינער בּאָכער, דזשערי. ער האָט בּלאָנדע האָר, בּלויע אויגן, און ראָזעווע בּעקלעך. נאָר קיין סוף און קאַשעס וועט ער ניט עסן, כאָטש גיט אים ווייסעך וואָס.

דערפאַר האָט ער ליב קענדי, צוקערקעלעך. אַ לאַלעפּאָפּ, וויל ער נאָר אַ „גאַנצן טאָג לעקער." וועט ער אייך לעקן פון אינדערפרי ביז שפּעט בּאַ־

נאַכט. איינמאָל, ווען ס׳איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ שטורם, ס׳האָט אָנגעהויבן גיסן אַ שלאַגס-רעגן, האָב איך זיך אַראָפּגעכאַפּט באַנאַכט פון בעט, אַרויס־געכאַפּט אַף זיך דעם רעגן-מאַנטל און די קאַלאָשן און געכאַפּט אַף גיך פאַרמאַכן די טירן און די פענצ־טער פון דרויסן און אינעווייניק, כ׳טו אַ קוק אַף דזשערין: ליגט ער, שלאָפט. שמייכלט עפּעס פון כאָלעם און לעקט מיט דער צונג. שטופּט זי אַרויס, און אַריין — און דער „גאַנצער טאָג לעקער" ליגט מיטן שפּיץ אין דער נאָז און דאָס קעפּל (אַ רויט צוקער קעפּל) איז צוגעקלעפּט צום שטערן.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב זיך שטיל צע־שמייכלט און אַרויסגעשמיסן די „קענדי" אין דרויס „קיין ווייסנשאַפטסמאַן לעקט ניט באַנאַכט קיין זיסע זאַכן!"



# 9. פּיקסל

איך מיינט אַוואַדע, אַז זיין נאָמען איז פּוקס, פּאַקס אָדער פּיקס? — הייבט זיך גאָרניט אָן. זיין נאָמען איז סעם. שאָלעם הייסט עס. נאָר ער איז כיט־רע, קלוג, ווי אַ פּיקסל, און בייז און שלעכט ווי אַ צערייצטער טיגער. די גרויע אויגן קוקן בײַ אים שטענדיק אַראָפּ. די ליפּן זיינען בײַ אים פאַרביסן — גרייט אָנצופאַלן און צערייסן אַף שטיקער.

און אַז איך כאַפּט אים בײַם פאַרברעכן, וועט ער זיך אַוועקשטעלן, דער בלאָנדער פּוקס, ווי אַ לע־מעלע: „איך האָב דאָס געטאָן?” בלייבט איך שטיין און איך קענט אים שוין גאָרניט טאָן.

מיר האָבן דאַכט זיך ערשט אָפּגעגעסן. איך בין

פאַרבליבן צו פאַרענדיקן מיין עסן, ווייל פריער דאַרף איך דאָך אויסטיילן די אינגלעך — איך קום אַראָפּ אין באַנגעלאָ, ווערט מיר פינצטער אין די אויגן:

אַלע בעטן צעוואָרפן. די ווייסע ליילעכער, ציכ־לעך און די קאָלדרעס וואַלגערן זיך אַפן דיל; צוויי ווענעלעך, וואָס מע פירט אַף זיי מיסט אין קעמפּ, שטייען. אַכצן פּאָר שיך הייגגען אַף אַ קייטעלע פון עלעקטרישן לעמפּל און אַ גרויסער שילד הייגגט: „ע ס י ק ס ס ט ר י ט — ב י ל י ק — ק ו י פ ט , ו ו אָ ס א י ר ד אַ ר פ ט !"

ווער זשע האָט עס פאַרטראַכט? — פּיקסל.

האָב איך געדאַרפט רופן באַלד אַ מיטינג און דערקלערן: „קינדער, וואָס האָט איר געטאָן? — איי־ערע עלטערן קענען אייך ניט קויפן קיין ליילעכער יעדן טאָג — זיי ווערן דאָך צעריסן. און איר נעמט שמוציקע ווענעלעך און ברייגגט אַריין אין באַנגע־לאָ." זיינען זיי געזעסן, די פּופּצן יאַטן, מע האָט זיך איינגעהערט און צוגעזאָגט צו זיין גוט און פיין.

נאָר וויפל האָט עס געדויערט — אָט בין איך אַוועקגעפאָרן אַף איין טאָג קיין ניו יאָרק. איך קום



מע גיט זיך קלעפּ

צוריק — אַן איבערקערעניש; אַ כורבן: אָפּן דיל ליגן מאַטראַצן, שמוציק, אויסגעטראָטן מיט די שיך. פּיקסל און הערינג שטייען מיט אָנגעלאָדענע פּויסטן און מע דערלאַנגט די עמעסע קלעפּ. הערינג האָט שוין אַ לאַנגע רויטע נאָז און איין באַק פּייערט באַ אים, ווי אַ רויטער עפּל, און פּיקסל האָט שוין אַ „שוואַרצע אויג" און אַפּן שטערן שטייען באַ איר צייכנס פון זעקס ציין.

„וואָס טוט זיך דאָ, באַנדיטן?" מאַך איך אָן אַ גרויס גוואַלד.

לויפן זיי אַלע אַרויס פון באַנגעלאָ, ווי די לאָ־שעקלעך, אינדרויסן הייבט מען זיך אָן קריגן. הערינג זאָגט, אַז ער איז גאָרניט שולדיק. אָריל ווייסט פון גאָרניט צו זאָגן. מאָרי קוויטשעט אָפּן קעלכל: „איך האָב אייך געזאָגט, איך האָב אייך געזאָגט!" וואָס ער האָט געזאָגט, ווייסט קיינער ניט. מע שרייט אַ אָע טומלט. נאָר פּיקסל שמייכלט זיך אונטער אַ גייט אַוועק אין זייט.

איך נעם זיך דערוויל אַרומקוקן, פאַרדרייט זיך מיר אַזש דער קאָפּ. אַלע אַלבומען און וואַנט־ציי־

טונגען, אַף וועלכע מיר האָבן אַזוי שווער געאַרבעט, ליגן צעוואָרפן. צוויי שויבן האָט מען אויסגעהאַקט. פיר דראָטן פון די דרויסנדיקע פענצטער האָט מען אַרויסגעשטופּט. איך ווער זייער בייז. איך הייב אָן צענויפקלייבן די זאַכן. די קינדער טומלען זיך נאָך. לויט זייערע ווערטער און טיינעם קומט אויס, אַז קיינער האָט עס ניט געטאָן. זיי זיינען אַלע גוט און אַלע פיין.

באַגס און הערינג און אויל העלפן צונויפנעמען די פּאַפּירלעך און שמוץ. זיי פּאַרענטפערן זיך מער פון אַלע. נאָר פּיקסל זיצט זיך נאָך אַלץ אין אַ ווינקל. איז וועמענס שטיקל אַרבעט איז דאָס, אַז ניט זיינס?



# 10. הערינג

אַ צו־נאָמען קענט איר אַמאָל קריגן גלאַט אַזוי זיך. פאַרוואָס סע קומט הערשן דעם נאָמען הערינג, ווייסט קיינער ניט. ער איז גאָרניט אַזוי לאַנג און גאָר־ניט אַזוי דאַר, און שווימט גאָר ווי אַ זשאַבע. נאָר ווייל ער שלאָפט לעבן אוילן, און הערש אַף ענגליש איז הערי, און אַז הערי שלאָפט לעבן אוילן, ווערט פון אים אַ הערינג.

אַ אינגל אַ נעבעכל, אַן איינאונאיינציקער באַ טאַטע־מאַמען. גיט מען אים נאָך אינדערהיים, וואָס ער וויל נאָר. ער וויל אַליין ניט פאָרן אין קעמפּ, כאָטש ער איז אַ פּיאָנער און לערנט אין שול, נאָר

אין קעמפּ וויל ער אַליין ניט פאָרן: „סטייטש, וואָס האָסטו מוירע? — עס פאָרן דאָך אַזויפיל קינדער און זיי האָבן ניט קיין מוירע און דו האָסט מוירע", אָבער אַז ער וויל ניט, וואָס זשע קען מען טאָן? — האָט דער טאַטע אָוועקגעוואָרפן די אַרבעט אַף אַ טאָג, די מאַמע האָט פאַרלאָזן דאָס הויז אַף אַ טאָג און מע האָט הערשן געבראַכט אין קעמפּ אַריין.

אַז ער איז נאָר אַריין אין קעמפּ, האָט ער זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צום טייך. און איז טאַקע באַלד אַריין מיט איין פוס אין וואַסער. האָב איך אים גלייך אַרויפגעטריבן אין באָנגעלאָ און ער האָט זיך גע־מוזט איבערטאָן פון קאָפּ ביז די פיס: אַנדערע שיך, אַנדערע זאָקן און אַנדערע הויזן. און טאַקע באַלד האָט ער זיך אַראָפּגעקייקלט פון בערגל, זיך צענע־ריגט דעם פוס. מיר האָבן גלייך אַרויפגעגאָסן יאָד, האָט ער געמאַכט אַ גוואַלד: „אוי, עס בריט און ברענט!" און ער האָט זיך ווידער געמוזט איבערטאָן אַנדערע קליידער. אַזוי, אַז פאַרנאַכט ווען די עלטערן האָבן שוין געהאַלטן באַם אַהיימפאָרן, האָט ער ניט געהאַט וואָס אָנצוטאָן.

האָבן זיך זיינע עלטערן זייער דערשראָקן. זיי האָבן ניט אַנדערש געמיינט, אַז מען האָט שוין באַ אים צוגעגאַנוועט אַלע זאַכן. מע האָט גלייך געעפנט זיין קאַסטן מיט זאַכן און געפונען דאָרטן גאַנצע אויצרעס: העמדלעך, הויזן און אונטערוועש.

„הערש, ווי קומט עס צו דיר? דו ביסט דאָך אַ פּיאָנער, אַ שולקינד. לייג צעגויף דיינע זאַכן, וועסטו זיי קענען אויפזוכן."

דאָס האָט ער דאָך טאַקע, דאָס שטילינקע הערשעלע, דאָס הערינגל, אָפּגעריסן דעם שטערן פּיקסלען.

„דו ווייסט — מאַך איך צו אים, ווי מע רעדט צו אַ גרויסן — ווער עס בייסט? — אַ כייע פון וואַלד בייסט, אַן אָדלער, אַ רויבפויגל, אַ ווילדער הונט, אַ בייזע קאַץ בייסט. וואָס הייסט אַ קינד, אַ מענטש זאָל ביסן? — די מאַמע האָט דיך געלערנט, צי דער טאַ־טע האָט דיר געזאָגט, אַז דו זאָלסט בייסן?"

פאַרשטייט זיך, אַז ער איז נאָך גערעכט: „פּיקסל האָט אים געמאַכט זייער בייז", און ער גייט זיך אַוועק און ווערט ברויגעס. אַף וועמען, מיינט איר,

ווערט ער ברויגעס? — אפֿן עסן ווערט ער ברויגעס. ער קומט ניט אַרויף עסן קיין פֿרישטיק. איך טו אַ קוק, ער גייט, רוף איך אים. וויל ער ניט צוגיין. וואָס זשע קען איך טאָן? — שריי איך און עס העלפֿט ניט.

מיטאָג. דער גלאָק קלינגט. איך זע, מיינער שפּאַנט. די נאָז אַראָפּגעלאָזט. ער גייט עסן. מאַך איך שווין אַ שווייג. מיר וועלן שוין אַן אַנדערש מאָל רעדן. אָט אַ הערינג, טראַכט איך, ניטאָ קיין סייכל, ציבעלעס ליגן באַ אים אין קאָפּ. . .





מע דערציילט אַ מייסע

## 11. אויל

און אַז מיר רעדן שוין פון הערינג, ווייל איך אייך פאָרשטעלן אוילן. ער איז גראַדע יאָ אַ הויכער, און יאָ אַ דאַרער. נאָר די האָר אַפן קאָפּ זיינען באַ אים מאָר-נע בלאָנד, אַזוי ווי פון אויל. און דערפאַר טאַקע האָט ער געקראָגן זיין נאָמען. הייסן הייסט ער איזי אָדער סראָל. עס איז אים קיינמאָל ניט קאַלט און קיינמאָל ניט הייס. ער איז ז י י ע ר אַ שטילער באָכער. אָ, יע, ז י י ע ר אַ ש ט י ל ע ר. ער האָט זיך שוין ניט מיט וועמען צו שלאָגן. איר האָט נאָך אָפט אייער לעבן ניט געזען אַזעלכע הענט. לאַנגע הענט. נאָך

איידער איר גיט זיך אַ ריר, דערלאַנגט ער אייך אַ פליאַסק, אַז סע הייבט אייך אָן צו שווינדלען אין די אויגן. ווילט איר דאָך דערלאַנגען צוריק, אַ יאָ? — כאַפּט איר פון אים דעם צווייטן טראַסק און שוין. מער וועט איר זיך שוין מיט אים קיינמאָל ניט שלאָגן. אַל־רייט, דו קענסט גיבן אַ פּאַטש, זייער גוט, זייער פיין פון דיין זייט. אָבער לאָז דיך אַמאָל אויך דערלאַנגען אַ קלאַפּ, ניין, דאָס ניט. איז וואָס פאַראַ מעשוגענער וועט זיך גיין מיט אים שלאָגן?

וועט ער אייך קענען אָפּליגן שטונדן־לאַנג און זיך שפּילן מיט זאַמד און וואַרפן דאָס מעסערל מיטן שפּיץ אַראָפּ, עס זאָל בלייבן שטעקן ווי אַ שפּיז. עס מעג זיין די שטאַרקסטע זון, די גרעסטע קעלט, אָדער עס וועט ליאַפּן אַ רעגן, אים אַרט עס ניט. זאַמד און מעסערל, מעסערל און זאַמד.

„אויל, דו ווייסט, אַז דו דאַרפסט היינט אויס־וואַשן דעם דיל אין באָנגעלאָ, צי דו ווייסט ניט ?" — גיב איך אים אַזוי אַ פרעג אין אַ גוטן וועג.

„אַזוי, איך? — גוט!" מאַכט ער. און ער גיט אַ כאַפּ דעם בעזים, אַ שאַר אַהער, שוין, אויסגעקערט. כאַפּט די וואַש־באַרשט, אַ וואַש אַהין—אַהער, שוין, ער איז שוין פאַרטיק, ער שפּילט שוין ווידער אין זאַמד.

„דו ביסט אַ בייבי, אַ פּיצעלע קינד, צי דו ביסט אַ מענטש?" — גיב איך אים אַ פרעג און איך ווייז אים ווי ער האָט איבערגעלאָזט גאַנצע קופּעס מיסט אונטער די בעטן, אין די ווינקעלעך, לעבן די קעסט־לעך. דאָרטן וואַלגערט זיך אַ שוך, דאָ ליגט אַ שטיקל צייטונג. א י ר האָט געהערט? — אַזוי האָט ער געהערט. ער האָט נאָכאַמאָל געגעבן אַ דריי מיטן בעזים און אַרויס. זע איך דאָך, אַז אויל קען קיין מענטש ניט זיין, נעם איך, מיסטאָמע, און מאַך שוין ריין.

איך זעץ זיך אַוועק לעבן אים און הייב אָן דער־ציילן, אַז מיר האָבן אַרבעטער קינדער שולן, פּיאָ־נערן. ווען ער וואָלט געגאַנגען אין שול, צו די פּיאָ־נערן, וואָלט ער פאַרשטאַנען זייער אַ סאַך זאַכן.

יאָ. ער איז געגאַנגען אין אַ שול. ער איז געווען אַ פּיאָנער. נאָר ער ווייסט ניט פאַרוואָס, מע האָט אים אַהיימגעשיקט פון שול, און די פּיאָנערן האָבן אים אויך ניט שטאַרק געבעטן. וואָס איז ער שולדיק? עפּשער ווייסט איר פאַרוואָס? — איך שטעל זיך פאָר, אַז סע איז מיסטאָמע דערפאַר, וואָס ער איז זיי־ער אַ שטילער. אָ, יע; ז י י ע ר אַ ש ט י ל ע ר.

## 12. באָגס

ער האָט זיך זיין נאָמען היילק פאַרדינט. איך האָט נאָך אַף אייער גאַנץ לעבן ניט געזען אַזאַ קרי־כער. אומעטום שטעקט ער אַריין זיין נאָז. ער האָט טאַקע אַ לאַנגע נאָז אויך. און שטופט זיך מיט זיין צונג. נו, און אַז ער איז אַ פּיאָנער, און אַז ער לערנט זיך טאַקע גוט אין שול, איז וואָס? — דאַרף מען זיך באַרימען ? — באַלד גיט ער זיך אַ שטעל אויס : „אַבעטשקע, אַז איר ווייסט ניט ווער עס איז דער פירער פון דער רויטער אַרמיי — איך ווייס. איך וועט זיך מיט אייך אַף אַ מיליאָן דאָלער (אַף ווינ־ציקער ווי אַף אַ מיליאָן דאָלער וועט ער זיך מיט אייך קיינמאָל ניט וועטן) אַז איר ווייסט ניט ווער עס זיינען געווען קאַרל ליבקנעכט און ראָזע לוקסעמ־בורג.“

אָבער אין די מערסטע פאַלן, ווייסט אי סאַל־זאַלמען, אי מאַטל, אי דער אויער און פון דזשערין איז דאָך אָפּגערעדט. נו גייט מאַנט באַ אים אויף דעם מיליאָן דאָלער. איז דעפאַר דערלאַנגט מען אים פּעטש פון אַלע זייטן. אַזאַ קריכער, אַזאַ באַגס. אים אַרט עס ניט. ער קריכט ווייטער און באַרימט זיך.

איינמאָל האָט ער מיך אויך אויפגערעגט. ניין, ניט איינמאָל, נאָר טאַקע צוויי מאָל. ס'איז געווען גאַנץ פרי. איך הייב אָן צו וועקן די כעוורע. און קיי־נער וויל מיסטאָמע ניט אויפשטיין. ווייל מע ליגט דאָך גאַנצע נעכט און מע דערציילט זיך מייסעס, ווי ושע קען מען אויפשטיין ? און אַז איך זאָג מע זאָל אויפשטיין, הייבט מען זיך ערשט אָן צו רייבן די אויגן, מע הייבט זיך אָן קראַצן און פון בעט וויל מען ניט אַרויסקריכן. עס איז וואַרעם אונטער דער קאָלדרע. וואָס זשע טו איך ? — איך וועל דען שטיין אַ גאַנצן טאָג און זיי וועקן, וואָס בין איך מעשוגע ? — גיב איך אַ שלעפּ אַראָפּ די קאָלדרע — שפּרינגט מען אַרויס פון די בעטן. איך וויל אַראָפּשלעפּן הערשלס קאָלדרע, באַגס, מיין איך, לאָזט ער ניט. נאָר ער ל אָ ז ט ניט. ער האַלט צו מיט אַלע קויכעס. פאַר־שטיי איך, אַז דאָ דאַרף שוין עפּעס זיין. אַוואַדע טו

איך אַ קוק אונטער דער קאָלדרע, ווער איך אַ טויטער — עס ליגט אַ קיילעכדיקע לעוואָנע אַפן ליילעך. ווער איך אָנגעצונדן. און מאַך צו אים שטילינקער־הייט, די איבעריקע אינגלעך זאָלן ניט הערן, אַז ניט וועט ער זייער שלעכט אָפּשניידן: „אָ, דו פוילער יונג, וואָס דו ביסט, האָסט ניט געקענט באַנאַכט אַראָפּגיין?"

ווערט ער רויט און טויט און לאָזט אַראָפּ די אויגן. איך מאַך אַ פאָרשלאַג, אַז מע זאָל היינט לופּ־טערן די בעטן, אַרויסטראָגן די מאַטראַצן, מען דאַרף זיין ריין. און הערשל טראָגט טאַקע דער ערשטער אַרויס זיין מאַטראַץ און לייגט אים אַוועק, מיט דער נאַסער לעוואָנע אַראָפּ. דאָס ליילעך באַהאַלט ער שוין צווישן די שמוציקע וועש און שוין. אַזאַ באָגס, אַזאַ פּאַראַזיטעלע.

און דאָס צווייטע מאָל איז געוועזן טאַקע וועגן דער שפּיל. מיר האָבן געדאַרפט צוגרייטן די שפּיל „כאַוווער לעניו האָט געזאָגט." אַלע פופצן יאַטן נע־מען אַנטייל. אַלע פּיאָנערן, מענדל וויל ווערן אַ פּיאָ־נער. ער איז נאָך ניט קיין ניין יאָר אַלט, ווילן זיי אים נאָך ניט אַריינעמען. כאָלעמט זיך אים, אַז כאַ־

ווער לענין אַליין האָט געזאָגט, אַז מע זאָל אים אַ־ריינעמען פאַר אַ פּיאָנער.

נו, פאַרשטייט זיך, אַז יעדער וויל שפּילן מענ־דעלס ראָל. יעדער וויל רעדן מיט לענינען. טראָגן דאָס היטל, ווי לענין, אָן אַ זייט. מאַלע וואָס אַלע ווילן? — האָבן מיר באַשלאָסן, אַז סאַל־זאַלמען זאָל שפּילן אַלס מענדל. באַשלאָסן — פאַרטיק. אַלע שטימען איין. נאָר באָגס — ניין. אויב מען גיט אים ניט „מענדל" — שפּילט ער ניט.

נו, איז דאָס אַ גוטער פּיאָנער? — אַוואַדע ניט. ער באַרימט זיך אָבער, אַז ער קען בעסער פון אַלע. שוין איינמאָל אַ באָגסעלע, שטופּט זיך וואו מע דאַרף ניט. און אַז מע דאַרף אים, וויל ער ניט גיין.





Dance In The "Kinderland" Spectacle, Camp Kinderland, Hopewell Junction, N. Y.

# 13. דער אויער

אַ שוואַרצכיינעוודיקער אַזאַ איז באָרים. אַ שטי-
לער, נאָר ער האָט ליב צו כאַפּן פיש. ער האָט נאָר
ליב צו כאַפּן, נאָר קענען קען ער ניט. ער שטייט אָפּ
אַ לאַנגע צייט באַם וואַסער מיטן לאַנגן שוואַרצן
שטעקן, גיט אַ פאַרוואַרף זיין העקל מיטן לאַנגן
שטריק אונזוו אַרט און וואַרט, נאָר קיין פיש כאַפּן
זיך ניט. פאַר גרויס צאָרעס קומט ער אַהיים מיט אַ
פולן עמער וואַסער און ער האָט געכאַפּט אַ ....
זשאַבקעלע.

איינמאָל איז עפּעס געשען אַ גרויס וואונדער,
ער האָט געכאַפּט אַ פישל. פרעגט שוין ניט. אַלע

פּופּצן אינגלעך האָבן אים אַרומגערינגלט. יעדער איינער האָט געמוזט כאַטש איינמאָל האַלטן דאָס פישל אין די הענט, דאָס געבן אַ קוועטש באַם בייכל, עס זאָל זיך געבן אַ טריפּע. איז וואָס זשע טוען מיר מיטן פישל? — וואָס הייסט וואָס? — מיר וועלן עס אָפּקאָכן און עסן ....

— אַלע זעכצן וועלן עסן אַ קליין פישל?

ווערט אַ גרויסער געלעכטער. יעדער פאַרשטייט זיך, וויל ווייזן, אַז ער איז קליגער פון אַ צווייטן. נאָר באָרים, דער אויער, מיין איך, דרייט זיך אַרום ווי אַ העלד: „ע ר  ה אָ ט  ג ע כ אַ פּ ט  אַ  פ י ש!"

יאָ, איך האָב נאָר פאַרגעסן אייך צו דערציילן, פאַרוואָס מיר רופן אים  ד ע ר  א ו י ע ר  אָדער  א ו י ע ר  אַליין. ער אַליין איז גאָרניט שולדיק אין זיין צונאָמען. ער איז גראַדע אַ וואויל אינגל. ער לערנט אין אַן אַרבעטער קינדער שול. און איז אַ פּיאָנער. און קיין איינער פון די אינגלעך איז אויך ניט שולדיק, נאָר זיין אייגענע מאַמע איז שולדיק.

סע געווען אַזוי:

אַזוי ווי ער איז נאָר אָנגעקומען אין קעמפּ, האָט ער מיר געבראַכט אַ בריוועלע פון זיין מאַמען:

„כאַווער, איך בעט אייך איר זאָלט אַכטונג געבן; מיין זון האָט אַן אויער.
באָריסעס מאַמע.״

גיב איך באַלד אַ קוק אַף באָריסן, זע איך, אַז ער האָט נאָר צוויי אויערן. פרעג איך אים: „באָריס, האָסטו ערגעץ נאָך אַן אויער?״ קוקט ער מיך אָן און פאַרשטייט ניט, וואָס איך מיין: „זע, ווייז איך אים זיין מאַמעס בריוול, דיין מאַמע שרייבט איך זאָל אַכטונג געבן, דו האָסט אַן אויער.״

„האַ—מאַכט ער—איך האָב אַ קראַנקן אויער.״

איז צוליב דעם, וואָס זיין מאַמע האָט פאַרגעסן צוצושרייבן אַ ק ר אַ נ ק ן , רופן מיר אים· ד ע ר א ו י ע ר אָבער אַזוי איז ער זייער אַ וואויל אינגל, אַ גוטער פּיאָנער און ער הערט גראַדע זייער גוט אַף זיין קראַנקן אויער.

## 14. האָ־דזשי

איר ווילט זיך אַוואַדע ניט גלויבן — אַז מיר האָבן סטענלין געגעבן אַזאַ נאָמען? — מעגט איר מיר גלויבן, איך וועל אייך ניט אָפּנאַרן. און ער האָט עס טאַקע זיך זייער קאָשער פאַרדינט. אַזוי האַלט ער זיך פאַר אַ גרויסן קענער. ער לערנט אין דעם דריטן קלאַס אַרבעטער שול באַם אינטערנאַציאָנאַלן אַר־בעטער אָרדן און איז שוין לאַנג אַ פּיאָנער, נאָר שמוץ האָט ער זייער ליב. קלייבט ער שמוץ אויף די הויזן, אויפן האַלדז, אויף די אויערן. די שיך זיינען באַ אים שטענדיק נאַס. ער וועט אייך שוין אויסזוכן אַ בלאָטע אין קעמפּ. און אַהין אַריינפאַלן, אַבי די שיך און די זאָקן און די שפּיצן פון די הויזן זאָלן ווערן נאַס.

און אַנומעלטן קום איך אַריין, שטייט ער אײַנ־גאַנצן אַ ראָזעווער, אָנגעשמירט מיט ראָזעווע ציין־מאַסט „טוט־פּייסט.״ פון קאָפּ ביז די פּיס. ווער איך אַ דערשראָקענער אויף טויט. איך האָב נאָר געמיינט אַז ער האָט געקראָגן „פּויזן־אײַווי״, אַז זיין גאַנץ לייב איז פאַרסאַמט פון ווילדע גראָזן, וואָס האָבן אים צע־שטאָכן, ווייל ער קריכט אַרום אין אַלע ווילדע פּלע־צער. צעלאַכט ער זיך: „נו, דערצייל שוין, וואָס איז געשען?״

דערציילט ער מיר שוין אַ גאַנצע מייסע. ער אַליין איז גאָרניט שולדיק, נאָר מאָרי, פּיקסל און מאָטל האָבן אים פאַרשמירט מיט ציין־קליי, אַז ער זאָל ניט דאַרפן אָפּוואַשן זיין שמוץ פון זיין לייב.

ווי געפעלט אייך אַזאַ מייסע? — אַוואַדע האָב איך זיך אויף אים גוט אויסגעשריען. און ער איז אַוועק זיך אַרומוואַשן. דערנאָך זעץ איך זיך אַוועק און דערקלער אים: „סטענלי, וואָס וועט זיין פון דיר? — עמעס, דיין טאַטע איז אַ פאַרבער, אָבער אַז ער קומט פון דער אַרבעט, וואַשט ער זיך אַרום.״

וואָס זשע וואָלט איר געענטפערט? — אַז איך

וועט זיך שוין אַרומוואַשן, אַ יאָ? — ניין. ער האָט איין ענטפער: „האָ דזשי.״ „דזשי — זאָג איך אים — יעזוס-דזשיזוס איז שוין געשטאָרבן און וואַשן מוז מען זיך.״

„און וועמעס שיך ליגן צעוואָרפן, און וועמעס איז דאָס העמדל, און זע נאָר דאָס בעט, האָסט זיך שוין געוואַלגערט?״

„האָ דזשי!״ — מאַכט ער, און ער איז נאָך גערעכט.

האָ-דזשי האָט אַ טענה צו רעדן פון שלאָף. און אַפילע באַטאָג, זאָגט באָגס, רעדט ער אויך פון שלאָף. ער מרוקעט עפּעס, ווי אַ קעלבל, און ער ווייסט ניט וואָס ער רעדט. אויפן האַרצן טראָגט ער אַ בילד, וואָס ער שלאָפט אַפילע מיט דעם, „דאָס איז מיין בילי״ (אַ הינטעלע), און ער קוועטשט עס צום האַרצן. דאָס הינטל שטייט אויף אַ מיסטקאַסטן (אַפּי-לע זיין הינטל האָט ליב שמוץ), די אויערלעך אָנגע-שפּיצט. זיין טאַטע האָט אים דאָס בילד צוגעשיקט.

„האָ-דזשי, אַז מע האַלט אַ בילד אויפן לייב, ווערט דאָס בילד שמוציק״ — דערקלער איך אים.

„האָ-דושי, מיין בילי!"

און מיטאַמאָל איז ער מיר געוואָרן אַ גרויסער צוכט. ער וואַשט אַליין די זאָקן, אַ טיכל, אַ העמדל, אַ פּאָר הויזן. בין איך אַוואַדע זייער צופרידן, וואָס סטענלי ווערט אַ מענטש, ער קען זיך שוין אַליין פאַרזאָרגן מיט וואַשן. אָבער פונדעסטוועגן וויל איך וויסן, וואָס האָט ער זיך עפּעס מיטאַמאָל גענומען וואַשן די וועש און ניט די פיס?

„וואָס דען, איך וועל געבן וואַשן אין לאָנדרי? — מען צערייסט און עס ווערט פאַרפאַלן", מאַכט ער.

אויב אַזוי, פאַרשטייט איר שוין. ער איז זייער אַ קאַרגער. ער האָט אַנומעלטן געהאַלטן מאַרמע-לאַד אונטערן קישן, און קיינעם וועט ער דאָך ניט געבן, און ער אַליין האָט אויך פאַרגעסן, און אַז ער האָט אינדערפרי געמאַכט זיין בעט, איז דאָס קישן געווען צוגעקלעפּט צום ליילעך און פון אַלע מאַר-מעלאַדלעך איז געוואָרן איין שטיק.

# 15. זיפּל

פאַרוואָס מיר רופן רובינען זיפּל, איז גאָר קיין וואונדער ניט. ווען איר רעדט מיט אים איינמאָל, זעט איר שוין, אַז ער איז אַ זיפּל. פיליא-קיליא-מיליא-טיליא. מאָלט ער ווי אַ מיל. ער כאַפּט, ווייסט איר-ניט וואָס ער זאָגט. איר מוזט אים איבערפרעגן.

„וואָס מיינסטו, זיפּל?"

איז דעמאָלט ערשט, אַז ער וויל שטאַרק, רעדט ער ווי אַ מענטש. אַ קליינס, ווי פּיווי, נאָר אַ דאַרס ווי מאָרי. אַ שפּיציק נעזל, ווי אַ שנאָבל פון אַ פייגעלע. און ער רעדט זייער שטיל, נאָר ער האָט מאָדנע איינפאַלן. ער האָט זייער ליב צו זען, ווי איך ווער בייז. טוט ער מיר אָן אַזעלכע צאָרעס, אַבי איך זאָל ווערן

בייז. אַ שטייגער, מע לייגט זיך שלאָפן, הייבט ער אָן אַראָפּצושלעפּן די זאָקן, אַז סע ווערט אַזש ניט גוט. פופצן מינוט געדויערט בײַ אים אַראָפּצושלעפּן איין זאָק, און איצט רעכנט אויס ווי לאַנג עס נעמט אים זיך אויסטאָן און דערנאָך דאַרף ער זיך נאָך אָנ־טאָן אין „פּידזשאַמעס", שלאָף־וועש. ווער איך דאָך בייז, איז אַבי איך בין געוואָרן בייז, כאַפּט ער זיך אויף שנעל אויסטאָן אָדער אָנטאָן.

„זיפל, האָסט זיך שוין געוואַשן?" גיב איך אַנומלטן אַ פרעג.

„יע." ענטפערט ער איך שנעל.

„די ציין?"

„יע."

„ווען?"

„נעכטן!"

גיב איך אים אַ קוק אָן מיט אַ פּאָר בייזע אויגן. איז אַבי איך בין שוין געוואָרן בייז, כאַפּט ער דעם האַנטעך, זייף און לויפט זיך וואַשן.

אַזאַ מין זיפּעלע איז דאָס.

איר ווייסט וואָס נאָך ער טוט אָפּ? — ווען סע רעגנט אינדרויסן, טוט ער זיך אָן אין שטעק-שיך און אין שלאָפּראָק און גייט זיך אַרום אונטערן רעגן.

„העי, זיפּל, וואָס איז דאָס?"

„אַ שלאָפּראָק."

„אָבער עס רעגנט דאָך."

„איך ווייס !"

ווער איך מיסטאָמע בייז, צעלאַכט ער זיך. דאָס האָט ער געוואָלט, און ער לויפט זיך איבערטאָן. ער איז זייער אַ גרויסער איבערקלייבער אין עסן. קיין סופּ עסט ער ניט. קיין גרינוואַרג עסט ער ניט. דאָס עסט ער ניט, און יענעם עסט ער ניט. נאָר לויזע אייער האָט ער דאַפקע יאָ ליב. וואָס זשע טוט מען? — מער ווי צוויי אייער קען ער ניט אויפעסן. נעמט ער און גאַנווערט אַראָפּ צוויי אייער און לייגט זיי אַריין אין קעשענע. איך זע, ער גייט מיר עפּעס זייער שטיל

און פּאַוואָלינקע אַרויס פון עס-צימער. טראַכט איך, עפשער ווערט ער שוין אַ מענטש. איך ווייס, אַז אַ אינגל פון צען יאָר דאַרף שוין זיין אַ מענטש.

איך כאַפּ אַ קוק באַנאַכט אויף די קינדער, טאַמער האָט אימיצער זיך צעשלאָגן אין כאָלעם און דערווייל אַראָפּגעשלעפּט די קאָלדרע, אָדער אַ פיסל שטעקט אַרויס אַ נאַקעטס. דאַרף מען עס צודעקן. איך טו אַ קוק אויף זיפּלס בעטל, ווער איך אַ פאַרצאַפּלטער. עס רינט עפּעס געלס פון זיין קישן און גלייך אַראָפּ אויפן דיל. אויפן מאָמענט האָב איך געמיינט, אַז ניט אַנדערש ווי בלוט. מיסטאָמע איז אַריינגעקראָכן אַ גרויסער שלאַנג, אָדער אַ מאָסקיטע און האָט אים אָפּגעביסן אַן אויער, אָדער די נאָז. אָבער געל בלוט האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזען. איך גיב אַ הייב דאָס קישעלע, טרעפט שוין אַליין, וואָס דאָרט איז געלעגן: די צוויי לויזע אייער צעקוועטשטע, פע.

אויף מאָרגן האָט ער זיך געמוזט באַ מיר וואַשן אין זיבן וואַסערן און איבערציען אַ ניי ציכעלע און אַ ניי ליילעך.

אַזאַ זיפּעלע.

## 16. פעסל

פעסל, מיינט מען ליאָן. ער איז פעט און קיי־לעכדיק, ווי אַ פעסל. פון יעדער מייכל עסט ער צו צוויי פּאָרציעס, און אַז קיינער זעט ניט, רוקט ער אַריין דריי. ווען ער גייט, קרעכצט ער, ווייל ער אַר־בעט זייער שווער. ער דאַרף דאָך טראָגן אַ פול פעסל פלייש און פעטס. אייגעלעך האָט ער קליינע, ווי אַ נאַנעפּל, ווייל זיין פּאָנים איז אַזוי אָנגעבלאָזן, אַז די נאָז, מיטן מויל, מיט די אויגן ווערן דערטרונקען.

עס איז נעבעך אויף אים אַ גרויס ראַכמאָנעס. ער קען זיך ניט פאַרטיידיקן. יעדער איינער לייגט אין אים אַריין וויפל ער קען נאָר. טאָמער גיי איך אַוועק אויף אַ מינוט פון באָנגעלאָ און קום צוריק — שוין, פעסל וויינט שוין.

„ווער האָט געשלאָגן?"

האָט מען מיר דערציילט אַזאַ מייסע:

פיקסל האָט געוואָלט איבערשפּאָרן דזשערין, דעם וויסנשאַפטסמאַן. דזשערי האָט געזאָגט, אַז אַ פּעסל פלייש קען מען נאָר קייקלען, ווען מען בינדט עס מיט אַ שטריק, און פיקסל האָט זיך געוועט אויף הונדערט טויזנט דאָלער, אַז זעקס כעוורע געזונטע זאָלן נאָר וועלן, קענען זיי קייקלען אַ פּעסל פלייש אָן אַ שטריק. זיינען דזשערי און פיקסל געשטאַנען אין דער זייט און געקאָמאַנדעוועט ווי אַזוי מע זאָל פּעסלען קייקלען, און די איבעריקע צוועלף באַנדיטלעך האָבן לויט דער ריי אים געקייקלט. פאַרשטייט זיך, אַז געזיגט האָט דער וויסנשאַפטסמאַן, ווייל אַזוי ווי מע האָט אים גענומען אין די הענט אַריין, האָט ער אָנגעהויבן צו וויינען און שרייען, דריגען און שלאָגן מיט די הענט און פיס, האָט מען שוין געפּאָלגט דזשערין, אים געבונדן הענט און פיס און אים דורכגעקאַטשעט אויף אַלע זייטן.

וואָס זשע טוט מען, אַז מע איז אַ פּעסל און מע קען זיך ניט פאַרטיידיקן? — רעכנט ער זיך אָפּ מיט

יעדן איינעם שטילערהייט. ער שטעלט אויס טשוועק־לעך אין די בעטן מיט די שפּיצן אַרויף, אַזוי, אַז ווען איר לייגט זיך אַוועק שלאָפֿן, גיט אייך אַ שטאָך פּונקט דאָרטן, וואו איר ווילט ניט.

אַז ניט בינדט ער אייך אויס קנופּן אין די קאָל־דרעס און פֿאַרפּלעכט מיט אַ שטריקל צום בעט, און אַז איר לייגט זיך שלאָפֿן, שלעפּט איר די קאָלדרע, איר שלעפּט, איר ווילט זיך צודעקן, נאָר די קאָלדרע וויל ניט גיין. כאַפּט מען שוין אַ קוק אויפֿן פּעסל, זעט מען ווי ער ליגט איבערגעדעקט מיט זיין קאָלד־רע ביז איבערן קאָפּ. סע הוידלט זיך עפּעס און סע כיכיקעט פֿון דאָרטן אַרויס.

נו, נו, מער דאַרף מען ניט. גיבן זיך אַלע פֿערצן יאַטן אַ וואָרף אויף זיין בעט און מע שטעלט אויס אויף זיין בייכל אַ פּיראַמידע. ער שרייט געוואַלד, ביז איך ראַטעווע אים. אָט אַזוי פֿירט ער מילכאָמע. ס'איז אַוואַדע ניט גוט, אַז מע איז אַ פּעסעלע.

## 17. אַט אַזוי עסן מיר

ווי אַזוי מיר עסן. וואָלט איך אייך געקענט דער־ציילן טויזנט מייסעס, נאָר איך וויל ניט. איך קאָן באַשטיין, אַז איר זאָלט אַליין פאָרן אין קעמפּ און זען. נאָר נעכטן איז געווען זייער פריילעך באַם עסן. אין עס-צימער שטייען דאָך אַ וועלט מיט טישן, און פיר הונדערט קינדער מיט זייערע קאַנסעלערס עסן, און אין דער לופטן פליט אַ וועלט מיט ווערטער. אַ גרויסער טומל, „פליש, זופּ, ברויט, פּוטער; וואַסער.״

רעד איז טיש־עלצטער. טאָמער פעלט עפּעס, לויפט ער אין קיך און בריינגט, און באַ אונדז אויפן טיש פעלט שטענדיק. נאָך איידער מע בריינגט אַ שיסעלע פּוטער איז שוין ניטאָ קיין ברויט, און אַז מע בריינגט דאָס ברויט איז שוין ניטאָ קיין פּוטער. איז געגאַנגען לעני און אַריינגעשאָטן זאַלץ אין רעדס

מילך. דזשערי האָט אַריינגעשאָטן צוקער — און ווען דער האָט גענומען טרינקען זיין מילך איז ער שיר ניט געשטאָרבן. ער האָט גלייך געגעבן אַ וואָרף זיינע אייגעלעך און באַלד דערקענט און געגאַנגען און אָפּ-נעגאָסן דזשערין פון קאָפּ ביז די פיס מיט מילך. איז געוואָרן אַ געשלעג. האָב איך אויף זיי אָנגעשריגן און שיר ניט אַוועקגעשיקט פון עס-צימער. אַז קינדער זאָלן גאָרניט קענען זיין קיין מענטשן האָט איר אויף אייער לעבן ניט געזען. איז שוין געוואָרן שטיל.

האָט מאַרי געגעבן אַ שטרעק אויס זיין האַנט, געוואָלט נעמען אַ שטיקל ברויט, אויפן וועג האָט ער פאַרטשעפּעט דאָס קריגל מילך. וויי, וויי, פרעגט שוין ניט, דער גאַנצער טיש איז געוואָרן פול מיט מילך. אַלע סאַלפעטקעס האָט מען פאַרנעצט און זעקס שטיקלעך ברויט זיינען געוואָרן פאַרנעצט, און אָט האָט די קעלנערין צוגעבראַכט פלייש, קאַרטאָפ-ליעס, פּאַסאָליעס און בוריקעס. ווערט אַ ליאַרם, יע-דער האַלט שוין אין דער לופטן זיין טעלער: „פלייש אַליין, פלייש און קאַרטאָפליעס, פון יעדער זאַך אַ סאַך.” ווער איך מיסטאָמע בייז, איך טייל ניט און פאַרטיק. זעען זיי דאָך, אַז סע שלעכט, זעצט מען זיך אַוועק און מע קוקט מיט אויגן, וואָס שיסן. אויס-

נעטיילט, כ׳וויל זיך שוין נעמען עסן, מיטאַמאָל: „נאָך פלייש, נאָך קאַרטאָפליעס.״ שיק איך שוין רעדן ווידער אין קיך. און אויב מען עסט וויינטרויבן האַלט מען אָפן די מיילער און יעדער ווינטרויב פליט אין דער לופטן און מע שטעלט אונטער דאָס מויל. דאָס טוט מען מיט די גוטע ווינטרויבן, מיט די שלעכטע שיסט מען אָפּ אַ צווייטן אַ נאָז אָדער מע נעמט אַרויס אַן אויג, און אַז מע עסט קאַוועגעס (וואָטערמעלאָן), פאַרשטייט איר שוין, אַז יעדעס קערל ווערט אַריינ־גענומען צווישן צוויי פינגער און מע שיסט דעם צווייטן אויפן שטערן, אָדער סע טרעפט אַריין אין אַן אויער.

און אַז מען עסט פּאָפּשויעס — פליען קאַטשאַ־נעס.

און אַז זיי ווילן קענען זיי וואַרפן פּאַשעטע שטיקלעך ברויט אויך, פאַרלאָזט זיך שוין אויף זיי. און אַז מאַרי וויל די קאַקע אָדער מאַטל די צוקער, אָדער פיקסל וויל פּוטער און עס שטייט ערגעץ ווייט אויפן צווייטן עק טיש, ווער מען ניט זאָגן, ווי איר זאָגט מיסטאָמע: „זיי אַזוי גוט, כאַווער, און גיב מיר די מילך, די פּוטער״, ניין; מע גיט אַ געשריי איבערן גאַנצן עס־צימער: „העי, הערינג, פּעס די מילך!״ „סיי, אויער, פּעס דאָס ברויט!״

און אַזוי ווי מע דאַרף אַלעמאָל אַן אַנדער זאַך, האַלט מען אין איין שרייען פון אַלע זייטן, אַז סע קלינגט אַזש אין די אויערן, אַז איך גיי אַראָפּ פון עס־צימער, בין איך שיר אַ טויבער. נו, וואָס זאָגט איר? — אָט אַזוי עסן מיר.

נאָר אַז מען דאַרף אַנאָנסירן אינמיטן עסן אויף אַ פּאָר מינוט, מוז ווערן שטיל. דער דירעקטאָר פּייפט און אַלע בלייבן שטיל. און אויך אין דעם טאָג פון סאַקאָ און וואַנזעטיס טויט הערשט אַ שטילקייט אין עס-צימער. אין די קינדער טעג און סמיטשקע, ווען איך בין אַ גאַסט אויף אַ צווייטן טיש און לעבן מיי־נעם זיצט אַן אַנדער אויפפּאַסער, וויל מען דאָך ווייזן אַז מען איז פיינע מענטשן, פּירט מען זיך גאָר אַנ־דערש — ניט צו דערקענען, דאַרפן זיי דאָך ווערן זיין מענטשן. אָט דאָס וואָס איך זאָג דאָך טאַקע, אַז צעניאָריקע אינגלעך זיינען שוין גרויסע מענטשן.

## 18. אַוואַדע קענען מיר רייניקן דאָס באָנגעלאָ

סאַ פראַגע צי מיר קענען וואַשן און רייניקן די באָנגעלאָ. אַבי מען וויל נאָר. זונטיק אָוונט האַלטן מיר אָפּ אַ מיטינג און צווישן אַנדערע פראַגן נעמען מיר אויף ווער ווען עס וואַשט. פריער ווערט אַ גרוי-סער געוואַלד. „איך וועל וואַשן זונטיק. איך וויל וואַשן מיטוואָך.” און רעד וויל גאָר וואַשן מיט מאָרין. הע-רינג וויל גאָר רייניקן מיט פּווין. ווערט אַ געוואַלדי-קער מיטינג, עס איז ניט קיין פּיאָנערן מיטינג, עס איז גאָר אַ יאַריד, אַ מאַרק. גיב איך אַ זעץ אין טיש און דערלאַנג אַ געשריי: „שטיל”, ווערט שטיל. דערנאָך

לייען איך איבער דעם צעטל ווער עס קערט און ווער עס וואַשט יעדן טאָג און פּאַרטיק.

נאָר אַז סע קומט צו דער אַרבעט האָב איך אויסגעריסענע צאָרעס. פּיקסל געדיינקט גראַדע זייער גוט אַז ער וואַשט דעם דיל דינסטיק, וואָס זשע טוט ער? כאַפּט ער זיך אַרויס שטילינקערהייד פון עס-צימער. וואָס זשע טו איך? — אַוואַדע קומט ער דאָך זיך איבערטאָן זיין באָד קאָסטיום און ער מיינט, אַז ער גייט זיך שוין באָדן. ס׳הייבט זיך גאָר ניט אָן.

„פּיקסל, איר וועט זיין אַזוי גוט און איר וועט ברייינגען אַן עמער וואַסער און די באַרשט און איך וועט זיין אַזוי גוט און גוט אויסוואַשן דעם גאַנצן דיל, אונטער די בעטן אויך.״

פאַרקנייטשט ער אַ ליפּ און גייט נעבעך, אַ ברייערע האָט ער, אַז איך רעד צו אים אַזוי איידל. דערנאָך גייען מיר זיך באָדן.

מאָרין טוט שטענדיק ווי די האַנט, ווען ער דאַרף רייניקן. דזשערי ווידער האָט אַ באַק צאָן, איז ווען ער דאַרף נאָר וואַשן, גיט ער אַ רייץ אָן זיין באַק צאָן, הייבט ער אָן ווי צו טאָן, און גיי רעכן אויס יעדן איינעמס מום. אַז עס קומט אָבער צום עסן, זאָלט איר שוין זען זייערע אַפּעטיטן — אַ שרעק, און אַז מען מאַכט שוין ריין די באָנגעלאָ קוים מיט צאָרעס, נעם איך ערשט דעם בעזים אין דער האַנט און הייב

אָן זיך אַרומקוקן. אונטער די בעטן קענט איר גע־פינען גאַנצע אויצרעס שטעקנס און ברעטער און ברעטלעך און פילקעס און הויזן, און פון זאַכן און שיך איז דאָך שוין אָפּגערעדט. הייב איך אָן מאַכן נעוואַלדן, און כעוורע דערשרעקט זיך זייער שטאַרק פאַר מיר. מע לייגט צעניות די זאַכן. איך קער נאָכ־אַמאָל אוים. עס איז נאָך פאַרבליבן אַ פּיין בערגעלע מיסט און פּאַפּירלעך, און דערנאָך קער איך אַרום דער באָנגעלאָ. איך מאַך ווידער אַ געוואַלד, לויפט מען שוין אויפהייבן די באַר קאָסטיומען און באַר־שיך וואָס וואַלגערן זיך אַרום איבערן גאַנצן צימער. אָט אַזוי רייניקן מיר.

נאָר דערפאַר אַז סע קומט פרייטיק, קען מען זיך שוין ניט העלפן. יעדער מוז אַרויסטראָגן זיין בעט, איבערציען נייע וועש און גוט לופטערן און וואַשן. קען מען שוין גאָרניט דערקענען די בעטן, אַלץ איז ניי און שיינט. איי ווען אַלע טאָג זאָל זיין פרייטיק. איז עס דאָך נאָר איינמאָל אַ וואָך. פונדעסטוועגן, אַז מע מאַכט אַ ליאַרם אין עס־צימער, דער דירעקטאָר וואָרנט, אַז מע מוז מאַכן ריין, אַז ניט וועלן מיר ווערן קראַנק, מאַכט מען אַ פּיין באָנגעלאָ.

אַוואַדע קענען מיר רייניקן אַ באָנגעלאָ, מיר דאַרפן נאָר וועלן.

## 19. איי קענען מיר אַרבעטן

מיר קענען מאָלן און קלעפּן און זעגן און וואָס איר ווילט אַליין, מיר דאַרפן נאָר וועלן. ווען איר קומט אַריין צו אונדז אין באַנגעלאָ, קענט איר זען פּלאַ־קאַטן, וואַנט־צייטונגען, אַלבאָמען, רויטע פאָנען און אַ ביכער שאַפּקעלע און נאָך און נאָך. נאָר אַזוי גיך ווי איך האָב עס אויסגערעכנט, האָט מען עס גע־מאַכט? הייבט זיך גאָר ניט אָן. איך גיב אַזוי אַ זאָג, גלייך ווי איך וויל גאָר ניט, אַז מען זאָל מיר העלפן: „איר ווייסט קינדער, וואָס איך וועל טאָן? אַזוי ווי מיר האָבן אַן אַנטי־רעליגיע פּראָיעקט אין קעמפּ די וואָך, וועל איך אויפהייגען אַ וואַנט־צייטונג מיט לאָזונגען, בילדער און . . . ווערט אַ רייסעריי: „איך

וויל העלפֿן, איך וויל העלפֿן.״ טראַכט איך מיר, אָט דאָס האָב איך דאָך געוואָלט, און מיר גיבן אַ היינג אויס אַ וואַנט־צייטונג. איינס און צוויי.

פּיקסל, פֿאַרשטייט זיך, וועט קיינמאָל ניט העלפֿן. ער וועט בעסער וואַרפֿן שטיינדלעך אין טייך און דזשערי לייענט דאָך. ווייסט איר דאָך שוין אַליין, און די איבעריקע העלפֿן צוביסלעך. אָט אַזוי אָ, ווי איך דערצייל אייך, נאָר איך זיי אַריין און זיי טוען אַרבעט. נאָר טאָמער ווילן זיי אייך אַמאָל ניט אַר־בעטן, וועט אייך גאָרניט העלפֿן. אַלע זיינען מיט־אַמאָל מיד געוואָרן. עס האָבן זיך זיי אויסגעלאָזט אַלע קויכעס, ווי איז מיר. וועט מען אַוועק זוכן זשאַבעס מיט שלענגעלעך, נאָר ניט אַרבעטן.

מיר האָבן אַ שטייגער באַשלאָסן, אַז מיר מאַכן זיך זעכצן קליינעביינקלעך. פֿאַר יעדן איינעם פֿון אונדז אַ ביינקל, מיר זאָלן קאָנען זיצן באַ אַ מיטינג ווי גרויסע מענטשן. האָבן מיר שוין געמאַכט פֿינף, און אַז מיר וועלן מאַכן די איבעריקע עלף, וועל איך אייך דערציילן. האָב איך צו זיי אַזוי לאַנג גערעדט, ביז ס׳איז מיר נימעס געוואָרן. אָט האָבן מיר באַ־שלאָסן צו מאַכן אַ נייע רויטע פֿאָן מיט נייע האַלדז־

טיכלעך, „לעגינס אינגלעך.‟ האָב איך זיך אויס־
נערעדט דאָס האַרץ. די פֿאָן האָבן מיר, מיט אַ גרויסן
סערפּ און האַמער אינמיטן די טיכלעך טראָגט מען
אויפֿן האַלדז, אָבער קיין אויפֿשריפֿט מאַכט מען
ניט. און פּיקסל וועט איך באַלד געפֿינען אַן איינפֿאַל:

— זעט אַליין, — מיר זיינען אינגלעך, יאָ?

— יאָ.

— איז צו וואָס זשע דאַרפֿן מיר דעם אויפֿ־
שריפֿט?

— טאַקע, טאַקע, — האָבן אַלע אינגלעך אונ־
טערהאַלטן.

און וואָס איך האָב ניט צערעדט, האָט שוין
נאָר געהערט דער בוים דער גראָבער און דער בעזים.
און אַז זיי האָבן נאָר געוואָלט, האָט מען צוגעגרייט
פּלאַקאַטן צו דער אַנטי מילכאָמע דעמאָנסטראַציע,
אַז איך האָב אַזש אָנגעטייעט. איי קענען מיר אַר־
בעטן, מיר דאַרפֿן נאָר וועלן.

## 20. מע דאַרף קענען שווימען

ווען מען לאָזט זיי נאָר, וואָלטן זיי ניט געגעסן און ניט געשלאָפֿן און אַ גאַנצע נאַכט און אַ גאַנצן טאָג געשוואומען. אַ גליק וואָס מען לאָזט זיך מער ניט באָדן ווי צוויי מאָל אַ טאָג. נאָר אַז מען גייט אַריין אין וואַסער איז זיי שווער אַרויסצושלעפּן.

אַלע שפּרינגען אויף מיר אַרויף. מען קריכט מיר אויפֿן קאָפּ און פֿוס, מען וואַרפֿט זיך אַריין ווי גרויסע שווימער. און וויפֿל מאָל איך טײַנע: „מאַרי, דו וועסט אַמאָל אָנטרעפֿן אויף אַ שפּיץ פֿון אַ שטיין און זיך צעהאַקן דעם קאָפּ"; „רעד, דו וועסט זיך צעקלאַפּן אַ פֿוס, אַ האַנט." איר הערט מיך? אַזוי האָבן זיי מיך געהערט.

און אָט פייפט אונדזער ספּאָרט דירעקטאָר. אַלע פיר הונדערט קינדער גייען אַרויס. נאָר מיינע כעוורע לייט מאַכן נאָך שטיק. יעדן שפּאַן, וואָס מען טוט אַרויסצוגיין, געדויערט אַ יאָר. דערנאָך באַרימט מען זיך: „איך בין געווען דער לעצטער.” „ניין, איך בין געווען דער לעצטער.” ווער איך מיסטאָמע ברויגעס. ווי וועט זיין, אַז איינער וועט זיך צוקילן און אָפּליגן עטלעכע טעג אין קעמפּ שפּיטאָל? וועט ער זיך שוין פאַרשפּאָרן אינגאַנצן צו באָדן.

וואָלט איר זען, ווי מען גיט אייך אַ שטעל אָן מוסקולן, האַרט ווי שטיין. אַלע מיטאַמאָל געוואָרן גרויסע העלדן. מען קען זיך גאָרניט צוקילן, אַפילע פּיווי קען שוין שווימען. עמעס, ער וועט ניט אַוועק־שווימען, ער האָט טאַקע מוירע און ער האָט זיך טאַקע אַליין אויסגעלערנט. ער האָט אַזאַ גרויסן בייגל אַרום זיין לייב, וואָס איז געמאַכט פון גומי און אָנגעבלאָזן מיט לופט.. האַלט עס אים אויפן וואַסער און ער קען פּליוסקען מיט די הענט און פיס. האָט ער אַזוי לאַנג געפּליוסקעט ביז וואַנען ער קען שוין שווימען.

שיפן זיך האָבן זיי ניט אַזוי שטאַרק ליב, סיידן איך גיב זיי איבער די רודערן און זיי פירן דאָס שיפל.

אָבער איך זאָג אײַך, אַז מען טאָר זיי ניט געטרויען קיין רודער. אַ שטייגער, איך נעם אַריין זעקס כעוורע־לייט אין אַ שיפל, איז אַזוי ווי מען זעצט זיך נאָר אַוועק: „איך וויל שיפן, איך וויל שיפן", און מיט־אַמאָל קען איינער בעסער פון צווייטן שיפן, און דער צווייטער קען גאָרניט, איז אויב איך גיב זיי אַביסל נאָך, בין איך אַ פאַרפאַלענער. ווען איך מאַך ניט קיין געוואַלד, וואָלטן זיי מיר איבערגעקערט דאָס שיפל און גיי ראַטעווע זיי.

אַז מאַרי זיצט מיט דזשערין באַ די רודערן, טוט זיך אַן איבערקערעניש. אַט טוט דער דאַרער מאַרי אַ שלעפ דאָס שיפל, פליט עס אַ מייל אַ מינוט, און דאַפקע דזשערי, אונדזער ספּאָרט דירעקטאָר, וואָס איז גאַנץ פיין אָנגעפּאַקעוועט מיט פליישׁ אויפן לייב, קען אים ניט נאָכהאַלטן. הייבט מען זיך אָן קריגן. דזשערי האַלט, אַז ער קען בעסער שיפן, און מאַרי האַלט, אַז ער קען בעסער. וואָס ווערט דער סאָף? איך גיב זיי איבער די רודערן און זיי נעמען זיך שיפן. איז פרעגט שוין ניט. מען הייבט אָן צו לאַכן: „צוויי קאַרליקעס שלעפן און די שיף קריכט ווי אַ זשאַבע." „גיב זיך אַ ריר." און זיי אַרבעטן מיט אַלע קויכעס. נאָר גיי שלעפ אַ פולע שיף מיט מענטשן. דערווייל

הייבט מען אָן אַרויסשטעקן אַ פוס פון שיף אין וואַ־
סער אַריין. אַ האַנט, צוויי שטעקן. מען וויל זיי העלפן
שיפן. מען הויבט זיך אָן איבערשפּריצן, הוידלען די
שיף. די שיף ווערט אָנגעפילט מיט וואַסער. זע איך
דאָך שוין, אַז איך האַלט שלעכט, כאַפּ איך אַרויס
די רודערן און שיף אַליין. איז אויב איך שיף איז
וואָס פאַר אַן אינטערעס? וויל מען זיך שוין בעסער
באָדן. איז פּוץ אין טייך אַריין. און אַלע קענען שווי־
מען. עמעס, איך האַלט אין איין שרייען: „דזשערי,
מאַרי, וואוהין קריכסטו?" קערט מען זיך אום צוריק
נעענטער צום שטריק. אָבער מיר אַליין טוט האַנאָע,
וואָס אַלע האָבן זיך אויסגעלערנט שווימען. שווי־
מען מוז מען קענען.



באָדן זיך

## 21 מע גייט היינט צום קלעף

איך ווייס, אַז איר ווייסט ניט, וואָס קלעף מיינט. טאָ הערט זיך צו; קלעף מיינט: קינדערלאַנד עלטערן פאַריין. איז דאַכט זיך, וואָס זשע דאַרף מען גיין אין קלעף? — ווייסט איר נאָך אַלץ נישט. קלעף איז אַ קראָם, וואו מען פאַרקויפט „קענדי", אייז-קרים, שאָ-קאָלאַד און מאַרמעלאַד און וואָס איר ווילט נאָר אַליין פאַר גוטע זאַכן. די קראָם געהערט צום קלעף. פון די פאַרדינסטן, וואָס מען מאַכט אין דער קראָם, האַלט מען אויס אַזעלכע קינדער, וואָס קענען גאָר-ניט באַצאָלן, אָדער טיילווייז, פאַר זייער וואַקאַציע.

האָבן מיר איינגעפירט, אַז צו קינדער פאַר-קויפט מען ניט. און די קינדער טאָרן באַ זיך קיין געלט ניט האַלטן. איז באָגס, דער סעקרעטאַר פון אונדזער באַנגעלאָ, האָט פאַרשריבן אויף אַ צעטעלע ווער עס האָט באַ מיר געלט. זיי ווילן דאַפקע איך זאָל גיין יעדן טאָג קויפן קענדי. אָט לויף איך. ווייל אַז איר רעדט צו זיי, ווי צו מענטשן, אַז פון אַ סאַך

זיסע זאַכן ווערן קאַליע די ציין, ווערט פאַרשטאָפּט דער מאָגן, הייבן זיי ניט אָן צו פאַרשטיין. האָב איך זיי דערקלערט, אַז מער ווי דריי מאָל אַ וואָך גיי איך ניט, זיי זאָלן אַפילע טאַנצן אויפן דאַך.

נאָר דאַכט זיך, אַז זיי ווייסן שוין גוט, אַז זיי וועלן ניט אויספירן, פונדעסטוועגן וועלן זיי אייך נודיען יעדן טאָג ביז צום שטאַרבן.

— האָ, גייט היינט צום קלעפּ.

— האָ, גייט היינט אין קלעפּ.

איינמאָל האָבן מיר טאַקן געמאַכט אַ שיינע פּאַרטי. עס איז געווען דעמאָלט, ווען צוויי אינגלעך האָבן געדאַרפט אָוועקפאָרן. האָבן מיר געדאַרפט איינקויפן אַ סאַך ז י ס ע ז אַ כ ן . איך האָב געקראָגן קיכעלעך און פּלעצעלעך און פרוכט פון קיך. מען האָט זיך אויסגעזעצט אויף ביינקלעך און קאַסטנס. מאָטל איז געווען פּאָרזיצער. מען האָט געעפנט די סימכע מיטן אינטערנאַציאָנאַל. דערנאָך האָט יעדער געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, דעקלאַמירט אַ ליד און זיך געזעגנט מיט די צוויי כאַווײרים. איך האָב זיך איינגעקוקט אויף די באַנדיטלעך און איך האָב זיך אַליין געוואונדערט:

זיינען דאָס טאַקע מיינע פּופּצן אינגלעך?

יאָ, זיי פאַרשטייען אַמאָל און קענען זיך פירן ווי שול קינדער און אָרגאַניזירטע פיאָנערן.

איך האָב אויך געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע, איך האָב זיי דערציילט, אַז לענין האָט ליב געהאַט קינ-דער, זיי זאָלן אַרויסהעלפן זייערע אַרבעטער על-טערן אין זייער קאַמף. און איך האָב זיי דערציילט אַ גאַנצע מייסע וועגן „בייעמל פּאָעט און כאַווער לענין."

דאָס מאָל האָט מען זיך שטיל געלייגט שלאָפן. רואיקע, פאַרטראַכטע. מען האָט שוין גאָר פאַרגעסן אין אַלע שפּיצלעך און אין דעם קלעפּ. פינף מאָל אַ וואָך דערצייל איך זיי מייסעס. פרייטיק אָוונט האָבן מיר מואווים און טעאַטער פאַר אַלע קינדער פון קעמפּ. און שאַבעס אָוונט האָבן מיר אַ קעמפּ פייער אַ גרויסן, וואו אַלע קינדער זעצן זיך אַרום. מען זינגט, מען טאַנצט, מען דערציילט אַ מייסע און מען ליי-ענט וויצן פון קעמפּ „קונדעס", און די איבעריקע פינף אָוונטן האָבן מיר אין באַנגעלאָ מיטינגען און מייסעס.

זאָלט איר זען ווי די פּופּצן יאַטלעך זעצן זיך אויס און עס ווערט שטיל, עס זאָל זיך אַ ריר טאָן אימיצער — און מען הערט מייסעס. זיי וואָלטן אייך געהערט אַ גאַנצע נאַכט מייסעס. נאָר אַז דער צוויי-טער גלאָק קלינגט, מוז מען איינשלאָפן.

און באַנאַכט כאָלעמט זיך דזשעריז, אַז ער לעקט אַ לאַלעפּאַפּ פון קלעפּ.

## 22. מיר ווילן ניט שפּילן קיין טעאַטער

מיר האָבן אין קעמפּ פיר גרופּעס קינדער לויט דער עלטער. קינדער פון דער פערטער גרופּע זיינען אַלט פון 6 ביז 8 יאָר; דריטע גרופּע — פון 8 ביז 10; צווייטע — פון 10 ביז 12. עלטערע פון 12 געהערן צו דער ערשטער גרופּע.

דאַרף יעדע גרופּע צוגרייטן שפּילערייען, ספּאָרט פּיראַמידן, טענץ, געזאַנג. יעדע אין אַן אַנדער וואָך. איז אַז עס קומט צו דער דריטער גרופּע האָב איך שוין גרויסע צאָרעס. מיר דאַרפן צוגרייטן אַ שפּיל און מיין כעוורע וויל ניט שפּילן, וויל ניט טאַנצן און וויל ניט זינגען. איר קענט פאַרשטיין, אַז מיר האָבן געדאַרפט דורכפירן „מיכל דער פּיאָנער און דער פאַבריקאַנט דאָהערטי״, האָב איך געמוזט אויסלייען קינדער פון אַנדערע באַנגעלעך. נאָך פעסל, זיפל, סאַל-זאַלמען און באָגס האָבן אָנטייל-

געטומלען און די איבעריקע ווילן ניט שפּילן קיין טע-אַטער. אַז זיי ווילן ניט, וואָס זשע קענט איר טאָן?

דערפֿאַר האָבן זיי ליב ספּאָרט. אַ קאָנסעלער פֿון אַ צווייטער באַנגעלאָ האָט געבראַכט זיינע יאַטן און איך — מיינע, און דער ספּאָרט דירעקטאָר האָט זיי געגעבן אַ שטעל אויס, טאַקע גאָר ווי קליינע רויט-אַרמייערלעך. מען איז געגאַנגען מיטן עמעסן שפּאַן: איינס, צוויי, איינס, צוויי, לינקס, לינקס.

און מיר האָבן שוין געמאַכט רויטע שטערנס פֿון לייוונט און אָנגענייט אויף די העמדלעך — האָט מען עס אַריינגעמאַרשירט אין עס-צימער מיט דעם ליד „דער רויטער האַלדז טוך." אַלע איבעריקע האָבן געטשירט און געפּליעסקעט מיט די הענט, און שאַ-בעס אָוונט, באַם קעמפּ פֿייער, האָבן זיי געוויזן וואָס זיי קענען. מען האָט געמאַכט אַ קייט, געשלאָסן מיט די הענט, צוויי האָבן זיך געשטעלט אויף די פּלייצעס פֿון אַנדערע אינגלעך און מאָטל איז אַרויף אויפֿן שפּיץ מיט דער רויטער פֿאָן. און נאָך פּיראַמידעס האָבן זיי פֿאַרגעשטעלט.

פֿרעגט שוין ניט זייער פֿרייד. די גליקלעכסטע

אין קעמפּ. ווייסן זיי ניט, אַז אַ ספּאָרט פאַרשטעלונג איז אויך טעאַטער. בײַ זיי איז דאָס ניט קיין טעאַטער, איז ניט.

און ווען מיר האָבן געהאַט דעם קאַרניוואַל פון דער אַרבעטער קינדער שול, האָבן אונדזערע יאַטן פאַרטראַכט זיך אָנצוטאָן ווי די פאַרשידענע פעלקער אין סאָוועטן-פאַרבאַנד, וועלכע כאַווער לענין האָט באַפרייט. האָט מען זיך געשמירט און אָנגעטאָן מיט לייַלעכער און האַנטעכער און מעסערס און אָנגעשריבן: „די פרייע פעלקער פון סאָוועטן-פאַרבאַנד."

און דאָס איז בײַ זיי אויך ניט קיין טעאַטער.

וואָס זשע איז בײַ זיי טעאַטער? — אויב מען דאַרף רעדן עטלעכע ווערטער אין אַ שפּיל — איז דאָס שוין בײַ זיי טעאַטער. און זיי ווייסן גאָרניט, אַז זיי שפּילן טעאַטער אַלעמאָל. מע קוויטשעט, מע שרייט און מע מאַכט זיך מעשוגע.

נאָר קיין טעאַטער וויל מען ניט שפּילן.

## 23. ווי אַזוי מע לייגט זיך שלאָפֿן און ווי אַזוי מע שטייט אויף

ווי אַזוי אונדזערע באַנדיטן לייגן זיך שלאָפֿן און ווי אַזוי מע שטייט אויף, איז טאַקע טעאַטער. דער ערשטער גלאָק צום שלאָפֿן קלינגט, דאַרף מען זיך גיין וואַשן די ציין, די הענט, די פֿיס, דעם האַלדז — ווייל סיי ווי סיי איז מען אינגאַנצן שמוציק. גיב איך, באַלד, פֿאַרשטייט זיך אַ זאָג: „קינדער, איר האָט געהערט דעם גלאָק?" — מען נעמט דעם האַנטעך, זייף, בערשטעלע און מען גייט זיך וואַשן." דאַכט זיך אַזוי קלאָר, אַז אַפֿילו לעני הערט, הייבט מען זיך אָן צו דרייען, אַז עס ווערט ניט גוט אויפֿן האַרצן.

מאָרי האָט פֿאַרלוירן די זייף. פּיווי האָט ניט קיין האַנטעך. דער ווייסט ניט וואו זיין ציין־בערשטעלע איז. דזשערי פֿאַרענדיקט זיין קאַפּיטל. זיפּל שלעפּט אַ זאַק. פּיקסל לייענט אַ צייטונג, און מען רירט זיך ניט פֿון אָרט. הויב איך שוין אָן שרייען, דערשרעקט מען זיך און מען גייט שוין. און אין וואַש־צימער

שפּריצט מען זיך מיט וואַסער, מען ווערט פּיטש נאַס. מען פּאַכעט מיט די האַנטעכער, און דאָס גאַנ־צע וואַש - צימער גייט כאַדראַם. לויף איך שוין אַוועק און רוף זיי קוים מיט צאָרעס. הויבט מען זיך אָן אויסצוטאָן. זאָקן און שיך און העמדלעך פליען אַרום. און אַז מען פאַרלעשט שוין דאָס לעמפּל, דער־מאָנט מע זיך ערשט אין אַלע מיינע מייסעס און גע־שעענישן פון טאָג. דאַרף איך האַלטן לעקציעס און רעדן מיט גוטן און מיט בייזן ביז מע שלאָפט איין.

און אינדערפרי ווייל מען ניט אויפשטיין און מ'וויל זיך ניט וואַשן. זיפּל האָט זיך געוואַשן נעכטן, מאָרי גייט זיך וואַשן, אָט גייט ער שוין — נאָר שוין פון אַ האַלבער שטונדע, אַז ער גייט, נאָר ער שטייט אויפן אָרט.

און שטענדיק קומען מיר די לעצטע אין עס־צימער. אייניקע קומען מיט שמוציקע הענט, מוזן זיי נעבעך גיין צוריק זיך וואַשן, ווייל מאָטל שטייט באַם עס-צימער. ער איז אַן „עס-צימער קאָמיטעט", און אַלע קינדער מוזן אים ווייזן די הענט. איי, ווען מען דאַרף זיך ניט לייגן און ניט אויפשטיין, וואָלט געווען זייער אַ גוטע זאַך. מען וואָלט זיך פאַרשפּאָרט צו וואַשן, אויסטאָן און אָנטאָן.

אויל און הערינג האָבן זיך טאַקע איינמאָל אי-
בערגעדעקט מיט די קאָלדרעס און זיי שלאָפן שוין.
טראַכט איך מיר, ווי קומט עס צו זיי? ניט אַנדערש,
אַז זיי זיינען גאָר קראַנק. מיסטאָמע האָבן זיי זיך צו-
געקילט באַם לעצטן כאַפּן פיש, ווייל זיי זיינען אַריין
מיט די שיך און זאָקן אין טייך און אַ לאַנגע צייט
אַזוי אַרומגעגאַנגען נאַסע. איך טאַפּ זייערע שטערנס
— קיין פיבער האָבן זיי ניט. איך דערקען אָבער, אַז
זייערע אויגן זיינען צו שטאַרק פאַרקרעמפּעוועט.
ווען איינער שלאָפט — האַלט ער טאַקע פאַרמאַכט
די אויגן, אָבער ניט אַזוי שטאַרק. גיב איך אַ דעק
אויף די קאָלדרעס, אַוואַדע ליגן זיי אינגאַנצן אָנגע-
טאָן. אַוואַדע האָט מען אַרויסגעשאָסן אַ גרויס גע-
לעכטער און מען האָט זיך נעבעך געמוזט אויסטאָן.

איי, ווען מען דאַרף זיך ניט לייגן שלאָפן און
מען דאַרף ניט אויפשטיין!

## 24. צום ווידערזען

עס האָבן זיך פאַרענדיקט די צען וואָכן, פאַר־פּאַקט די פּעקלעך, זעקלעך און קאַסטנס. מען לאָזט זיך אַהיים קיין ניו יאָרק. אַלע זיינען אָפּגעברענטע, טונקל. מען זעצט זיך שוין אויס אויף די אָטאָ־באָ־סעס. מען ציילט איבער די קינדער, צוויי פעלן נאָך: האָ־דזשי און זיפל. מען טוט אַ קוק, זיי זיינען אויפן שפּיץ פון אַ בוים. יעדן טאָג פלעגן זיי קריכן אויף אים, זיך צערייסן הענט און פיס, האָט מען באַשלאָסן, מען דאַרף זיך געזעגענען צום לעצטן טאָג.

לעני פירט אַהיים דאָס פייגל שטיבעלע. מאָטל האַלט דאָס קעצעלע. מאָרי טראָגט אַ זשאַבקעלע. דזשערי לייענט אַ בוך. יעדער איינער פירט עפּעס פון קעמפּ. זיי ווילן שטאַרק געדיינקען זייער וואַקאַ־ציע. מען פירט שטעקנס מיט אויסגעקריצטע נעמען:

„דאָס יאָר 1931 „קינדערלאַנד."

שליינגעלעך פירט מען אין גלעזערנע סלויקעלעך, און מען שיינט און מ'איז פריילעך, מ'זינגט לידער.

מיינע יאַטן זיצן לעבן מיר. יעדער דערציילט, אַז ער האָט גוט פאַרבראַכט, אַז מען וואָלט געוואָלט, אַז אַ גאַנץ יאָר זאָל זיין זומער, און אַ גאַנצן זומער זאָל מען פאַרברייגען אין קינדערלאַנד.

קינדער פרעגן זיך אויס צי זיי וועלן קומען אײַ־בעראַיאָר אין קעמפּ אַריין. זיי וואָלטן שוין געוואָלט, עס זאָל אַריבער דער ווינטער מיט דער קאַפּיטאַ־ליסטישער פּאָבליק סקול. און מיט די בייזע לערער־קעס און פּרינציפּאַלס.

נאָר מאָרי קראַצט זיך אין קאָפּ. ער ווייסט ניט צי זיין מאַמע וועט האָבן אַרבעט. אַזוי פיל מענטשן אַרבעטן ניט. סאַל־זאַלמען און מאָטל ריידן אויך, אַז זייערע טאַטעס האָבן פאַרלוירן זייערע דזשאַבס. מיטאַמאָל ווערן אַלע ערנסט. מ׳רעדט וועגן דער שלעכטער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג, וועגן דע־מאָנסטראַציעס און קאַמף.

— זע נאָר, זע, — טראַכט איך — ווי קומט צו זיי אַזאַ שפּראַך? זע נאָר, זיי געדיינקען דאָך אונדזער שפּראַך און אונדזערע מייסעלעך. אַבי איך האָב גע־מיינט, אַז זיי פלעגן זיך ניט איינהערן וואָס מ׳רעדט צו זיי. אַפילע רעד און פּיוור, וואָס זיינען געקומען אין קעמפּ אַזעלכע פרעמדע, רעליגיעזע, זיינען מיט־אַמאָל אויסגעוואַקסן גאַנצע רעוואָלוציאָנערן. אַוואַ־דע וועט מען גיין אויף די דעמאָנסטראַציעס און העלפן די עלטערן אין זייער קאַמף קעגן די באַלע־באַטים מען זאָל פאַרבעסערן אונדזער לעבן.

און אַזוי פאָרן מיר דערווייל דורך שטעטלעך און וועלדער און פעלדער און באַלד זיינען מיר צוריק אין ניו יאָרק.

מיטאַמאָל כאַפּט זיך פּיווי אַרוים:

— איך וועט איבעראַיאַר אויך זיין אַ קאַנסעלער אין קעמפּ ?

— איך ווייס ניט ! — ענטפער איך, — נאָר צו וואָס דאַרפסטו דאָס וויסן ?

— מיר ווילן טאַקע אַלע וויסן, — כאַפּט אונ־טער מאַרי.

— ווייל מיר ווילן אַלע זיין נאָר מיט אייך, — באַשטעטיקט האַ־דזשי.

צעשמייכל איך זיך: „מיט מיר?—איך האָב דאָך אויף אייך אַזוי פיל געשריגן און זיך געבייזערט און אַזוי פיל מאָל מיט אייך געקריגט? —"

צעשמייכלען זיך אַלע. איך ווייס, וואָס זיי שמייכלען. איך בין געווען צו גוט צו זיי. איך האָב זיי נאָכגעגעבן אַ סאַך זאַכן. אָבער איך בין צעפרידן. סאַ וואוילע כעוורע. עס וועלן פון זיי אויסוואַקסן גוטע קעמפּער פאַרן אַרבעטער קלאַס.

און ווען די עלטערן האָבן אַראָפּגענומען די קינ־דער אין ניו יאָרק, האָבן זיך אַלע פריינטלעך, כאַ־ווערישׂ געזעגנט: „צום ווידערזען, צום ווידערזען אין באָנגעלאָ נומער 25."

# אינהאַלט: